# CONTROL TEST TARGET
# for Kodak Quality Monitoring















Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww Xx Yy Zz

Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww

Note: This target is intended for routine quality control checking and uniformity.
It is not to be used for certification of meeting any ANSI or ISO Standards for image quality requirements.
Note: To record background density, use a blank sheet of white paper.

A-2289 CAT 800 7403 Rev. 2/00 @ Eastman Kodak Company, 2000 Printed in U.S.A.

Document Imaging
EASTMAN KODAK COMPANY
Rochester, New York 14650
1-800-232-8811

DOCUMENT IMAGING



Steinberg, Isaac
Nachman.
Der veg fun payn:
dramatishe stsenes fun
der Rusisher revolutsye.
Varshe, [1928]

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004- 1882.13

**Steinberg, Isaac Nachman, 1888-1957.**
Der veg fun payn : dramatishe stsenes fun der Rusisher revolutsye.
Varshe : Bzshoza, [1928]
5, 121 p. : port. ; 22 cm.

1. German literature--Translations into Yiddish. 2. Soviet Union--History--Revolution, 1917-1921--Drama.
I. Rappoport, O., 1895-1971. II. Poland-Warsaw

ID: NXYH01-B20006
CALL #: 106224

CC: 9114 DCF: [HBR]

Reduction ratio X 10.0

י. נ. שטיינבערג

# דער וועג פֿון פּיין

אויטאָריזירטע איבערזעצונג: י. ראַפּאַפּאָרט.

פאַרלאַג „בזשאָזא"
ווארשע 1928

י. נ. שטיינבערג

# דער וועג פון פיין

דראמאטישע סצענעס פון דער רוסישער רעוואלוציע

אויטאריזירטע איבערזעצונג פון דייטש
פון
י. ראפאפארט

פארלאג „בזשאזא", ווארשע



י. נ. שטיינבערג

Printet in Poland.

Wyd. „BRZOZA" Warszawa

„Der weg fun pajn" — J. STEINBERG
Składano: I. FARBIARZ, Dzielna 21

Druk. „Br. Lewin - Epstein i S-ka„
:: :: Warszawa, Pawia 38 :: :: ::



י. נ. שטיינבערג

Printet in Poland.

Wyd. „BRZOZA“ Warszawa

„Der weg fun pajn“ — J. STEINBERG
Składano: I. FARBIARZ, Dzielna 21

Druk. „Br. Lewin - Epstein i S-ka„
:: :: Warszawa, Pawia 38 :: :: ::

מיטן גאַנצן קערפער, מיטן גאַנצן האַרצן
מיטן גאַנצן באַוווסטזיין הערט זיך צו צו
דער רעוואָלוציע.

אַלעקסאַנדער בלאָק

# הקדמה

די רוסישע רעוואָלוציע, וועלכע איז אויסגעבראָכן אין מערץ 1917, איז געווען אַ סך מער, ווי נאָר אַ פּאָליטישע, אָדער אַפֿילו אַ סאָציאַלע איבערקערעניש. פֿאַרן רוסישן פֿאָלקסמענטשן, פֿאַרן אַרבעטער און פּויער, איז די רעוואָלוציע קודם כל געווען אַ מ אָ ר אַ ל י ש ע דערלייזונג, אַ ג ײ ס ט י ק ע באַפֿרייאונג פֿון אַ דאָפּלטער פֿאַרקנעכטונג. וואָס האָט געקאָנט זיין דערנידערנדיקער פֿאַר דער מענטשלעכער ווירדע, ווי דער קנעכטישער יאָך פֿון צאַריזם, וואָס האָט געלאַסטעט אויף איר אין משך פֿון יאָרהונדערטער? און וואָס האָט געקאָנט זיין זינלאָזער און, ממילא, פּיינלעכער, ווי דער בלוטיקער יאָך פֿון דער וועלט־מלחמה? אין יענעם גרויסן אויגנבליק, ווען דער דאָזיקער דאָפּלטער יאָך האָט געשיינט צעבראָכן צו ווערן אין געוואַלטיקן יובל־אויסגעשריי פֿון אַ הונדערט מיליאָניק פֿאָלק, — אין יענעם אויגנבליק האָבן פֿאַר זיין באַוווּסטזיין אויפֿגעלויכטן די גרעסטע, די אומבאַגרענעצסטע פּערספּעקטיוון.

דער האָרעפּאַשנער פּויער, וואָס האָט ביז דאַן געלעבט אָפּגעשלאָסן אין זיין פּרימיטיווער דאָרף־געמיינשאַפֿט, האָט מיטגעבראַכט אין דער רעוואָלוציע זיין רעליגיעזע התלהבות, זיין אידעע פֿון סאָציאַלער גלייכהייט, זיין נאַטירלעכן ערנסטן צוגאַנג צו אַלע לעבנס־פֿראַגן. דער שטאָט־פּראָלעטאַריער, דער מסירת־נפֿשדיקסטער הויפּט־טרעגער פֿון דער באַוועגונג, דער סאָ־

ציאַליסטישער אינטעליגענץ האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך אַ גליענדיקע בענקשאַפט נאָך פולסטער פרייהייט, נאָך אַבסאָלוטער גלייכהייט, נאָך אַ באַלדיקן שלום. „די ערד געהערט צו גאָט!“, „נאָר דעריעניקער, וועלכער ס׳אַרבעט, האָט אויף איר רכט“!! „שלום פאַר אונז און פאַר אַלע פעלקער, איצט און אויף תמיד“ — אָט דאָס זענען די לאָזונגען, וועלכע האָבן זיך געטראָגן איבערן גאַנצן לאַנד, אַלס אומבאַצווינגבאַרע פאָדערונג פון געוויסן. דער רעליגיעזער פּאַטאָס פון די פויערים־מלחמות אין 16־טן יאָרהונדערט האָט זיך דאָ צוזאַמענגעטראָפן מיט דער הומאַניטאַרער באַגייסטערונג פון סאָציאַליזם אין XX־טן יאָרהונדערט און אין דער פון קריג טיף־אויפגערודערטער נשמה פון די מאַסן זענען אויפגעוועקט געוואָרן מאַקסימאַליסטישע האָפענונגען.

קעגן דאָזיקן משיחישן שטריך פון דער רעוואָלוציע זענען אָבער אַרויסגעטראָטן נישט נאָר די בירגערלעכע, נאָר אויך די מעסיק־סאָציאַליסטישע ריכטונגען. — באַלדיקער שלום? — אָבער רוסלאַנדס נאַציאָנאַלע אינטערעסן פאָדערן עפּעס גאַנץ אַנדערעס! — תיכּפדיקע סאָציאַלע גערעכטיקייט? — אָבער מלוכה־נויטווענדיקייטן זענען שטאַרקער ווי זיטלעכע געבאָטן! — אַבסאָליוטע גלייכקייט פון די פאָלקס־ברידער? — אָבער אין אַ בירגערלעכער רעפּובליק איז דאָס אוממעגלעך!

קעגן די מאַסן, וועלכע זענען נאָר וואָס ניצול געוואָרן פון אַ פאַרניכטנדיקן צוואַנג, וועלכע האָבן זיך נאָר־וואָס אַ הויב געטאָן, כּדי צו דעראָבערן דאָס גאַנצע, — קעגן די דאָזיקע מאַסן איז אַרויסגעטראָטן אַ נייע קראַפט, וועלכע האָט געזאָגט צו דער אַלטער מלוכה־אָרדנונג: יא, מיר אַקצעפּטירן דיך! אין העפטיקע גשמה־קאַמפן האבן זיך די מאַסן אפגעריסן פון דער דאָזיקער ניכטערער סאָציאַליסטישער קראַפט און צוגעשטאַנען צום מאַקסימאַליסטישן לאַגער — צו די באָלשעוויקעס און צו די לינקע סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן.

די אָקטאָבער־רעוואָלוציע פון 1917 האָט גענומען אויף זיך דורכצופירן אין לעבן די פאַרשטויסענע פאָלקס־פּראָגראַם. אַרום די ראַטן און דער ראַטן־רעגירונג, וועלכע האָט אין זיך פאַראייניקט די באָלשעוויקעס און די לינקע סאָצ.־רעוו., האָבן זיך גרר־פירט די מיליאָנען אין זעלנער־שינעל, אין אַרבעטס־בלוזע, אין פויערים־בגד. ס׳האָט זיך געדוכט, אַז דער וועג צו די געחאַגיסטע פּלענער איז אָפן. מען איז צוגעטראָטן צו שלום־אונטערהאַנדלונגען, וועלכע האָבן געזאָלט באַפרייען די וועלט פון מלחמה־קאָשמאַר. מען האָט איבערגעגעבן די ערד צו די האָרעפּאַשניקעס, דעם גאַנצן רייכטום פון לאַנד האָט מען געוואָלט שטעלן אין רשות פון אַרבעטס־מענטשן. מען האָט אָבער געוואָלט מאַכן פון רוסלאַנד דעם פאַרפּאָסטן פון דער וועלט־רעוואָלוציע צו באַפרייען די מענטשהייט. און אין דער באַגייסטערונג מיט דער דאָזיקער אויפגאַבע איז מען נישט אָפּגעטראָטן פאַר קיין שום קרבנות — נישט פאַר אייגענע, נישט פאַר פרעמדע. די באַקעמפונג פון די בירגערלעכע און פון די מעסיק־סאָציאַליסטישע קרייזן האָט אָנגענומען אַלץ שאַרפערע און שאַרפערע פאָרמען. און ס׳איז אָנגעקומען דער מאָמענט, ווען די מאַסן האָבן זיך פּלוצלונג דערזען אין אַ מאָדנער לאַגע: די פאַרהאַסטע אַלטע וועלט, וועלכע מ׳האָט געדאַרפט פאַריאָגן, האָט זיך אומבאַמערקטערהייט ווידער אַריינגעגנבעט אונטער אַ נייער געשטאַלט. דורך די טויערן פון רעגירונגס־טעראָר און מלוכהשער מאַכט־אַנטוויקלונג, האָט זיך ווידער אַריינגעגנבעט יענע אַלטע האַרן־אידעאָלאָגיע, כּדי צו באַהערשן די נשמות פון די נאָך נעכטן באַהערשטע. די אומאויפהערלעכע אָנווענדונג פון געוואַלט, וועלכע האָט נישט געוואָלט איבערצייגן די מענטשן פון דער גרויסקייט פון דער אידעע, נאָר זי האָט זיי געוואָלט צווינגען געהאָרכזאַם צו זיין צו דער דאָזיקער אידעע, האָט טיף באַליידיקט די מאסן, וועלכע האָבן געהאָפט פריי צו בויען אַ נייע געמיינשאַפט. די געוואַלט־אָנווענדונג, אַלס סיסטעם, האָט געשראָקן, דערנידעריקט, געוועקט שנאה, בעת דער סאָציאַליסטישער אויפבוי שטרעבט צו געווינען פאַר זיך די הערצער אַפילו פון שונאים. דער דערפאָלג פון דער רעוואָלוציע, אירע אויסערלעכע טריומפן זענען ביי די באָלשעוויקעס געשטאַנען הע־

כער, ווי איר זיטלעכער אינהאלט, ווי אירע מענטשלעכקייט־סענדענצן. די שמאָלע ליניע, וועלכע טיילט אָפּ די בעסטע פון בעסטיעס, האָט געשיינט צו שטיין אַלץ מער אין סכנה, אפילו ביי די בעסטע.

מיט דעם האָט זיך אָנגעהויבן די צווייטע קרייציגונג פון דער רעוואָלוציע. אויב פריער זענען אַרויסגעטראָטן קעגן איר די מעסיקע, אַלס אַ בירגערלעכע קראַפט, וואָס אַקצעפּטירט די מלוכה־אָרדנונג, זענען איצט אַרויסגעטראָטן אויף דער אַרענע די באָלשעוויקעס, אַלס פּראָלעטאַרישע אָרדנונגס־און דיקטאַטור־פּאַנאַ־טיקער. און דאָס זאָל זיין דער רעזולטאַט פון גראַנדיאָזן פרייהייטס־קאַמף? ריכטיק ווי אין ערשטן פּעריאָד איז געווען אוממעגלעך פאַרמיידלען דער גרויסער ברודער־קאַמף צווישן מינימאַליסטן און מאַקסימאַליסטן, אַזוי האָט ער איצט אויפגעפלאַקערט נאָך מיט אַ גרעסערער קראַפט אין מאַקסימאַליסטישן לאַגער גופא. דאָס פּראָבלעם פון געוואַלט איז געוואָרן דער זיטלעכער פּרובירשטיין פון דאָזיקן לאַגער. אין טראַגישע ענטשיידונגס־שעהן האָבן זיך די מאַסן גייסטיק אָפּגעריסן פון די באָלשעוויקעס, די לינקע סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן זענען אַרויסגעטראָטן פון דער ראַטן־רעגירונג. ס'איז קלאָר געוואָרן: אין די ראַמען פון דער זעלבער העראָישער צייט האָט מען געמוזט זוכן נייע וועגן, וועגן, אויף וועלכע די רעוואָלוציאָניזירונג פון דער מענטשלעכער נשמה זאָל גיין פּאַראַלעל מיט דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

* * *

איז דידאָזיקע רעוואָלוציע געווען בלויז אַן אכזריותדיק שפּיל פון דער געשיכטע, אַ זעלבסטטוישונג פון פאָלק וועגן זיין אייגענעם גורל? זיכער נישט. ריכטיק ווי אין זכרון פון דיכטער קען קיינמאָל נישט אויסגעלאָשן ווערן די ווונדערלעכע געשטאַלט, וועלכע האָט שוין איינמאָל באַזוכט זיין פאַנטאַזיע אין אַ מאָמענט פון אינספּיראַציע, אַזוי קען אויך אַ פאָלק נישט פאַרגעסן



די מאָמענטן פון זיין זיטלעכער און סאָציאַלערווידערגעבורט. עס קען איבערלעבן אַנטוישונגען און מפּלות, עס קען ענדערן די וועגן און די מיטלען: דער קינסטלערישער געשטאַלט פון זיין אינספּיראַציע בלייבט עס אָבער געטריי. אויך רוסלאַנד, דאָס לאַנד פון גרויסע ליידנשאַפטן און ליידן, באַזיצט דעם ווילן צו זוכן אויף נייע וועגן ליי זונגען פאַר די פראַגן, וועלכע זי און די מענטשהייט שטעלן זיך קעגנזייטיק.

דער מחבר

באשאָנקען
מיטן
דראמאטישן פּריז
פון
ברעמענער געטע=בונד
און פון
ברעמענער דראמאטישן טעאטער
דעצעמבער 1926

# פערזאָנען

**אַלעקסאַנדער איוואַנאָוויטש**, 35 יאָר אַלט, אינטעלעקטועלער.

**מאַריאַ**, זיין פרוי, 30 יאָר.

**יוליע**, מאַריאַס שוועסטער, 20 יאָר.

**רעוש**, אינטעלעקטועלער, אַ דאָקטאָר.

**זאַלאָטאָוו**, אַ קליינער, רויִקער מענטש; אַ טיפּ פון אַ פעסטער מיט אַ רעוואָ-
לוציאָנערער פאַרגאַנגענהייט.

**גליעב**, אַלעקסאַנדערס רעוואָלוציאָנערער קאַמפּס-פריינט, אַ טיפּ פון אַ באָלשעוויק.

**שעלינצעוו**, אַן אַרבעטער, 30 יאָר אַלט. מאָנגאָלישער טיפּ, טראָגט תּמיד
אויפן פּנים און אויף די הענט, קינדישע אויגן.

**וויקטאָר**, 30 יאָר, האַלב-אינטעליגענט. מעסיקער רעוואָלוציאָנער.

**אַכמאַטאָוו**, 40 יאָר, אַ טיפּ פון אַ מענשעוויק.

**פּאָליגלאָטאָוואַ**, אַ שטילע מיטקעמפערין, 25 יאָר.

**סאַריבאָוו**, אַן ענג-ברוסטיקער, גיפטיקער מענטש.

**אַלעקסאַנדערס מוטער.**

**ראַיעווסקאַיאַ**, אַ יונגע, שטילע, אין זיך איינגעשלאָסענע מיידל; אַן איבערגע-
בענע רעוואָלוציאָנערין.

די האַנדלונג: פון אויגוסט 1917 ביז פעברואַר 1918.

## דאָס פּנים פֿון דער רעוואָלוציע

(פֿראַגמענט)

טריומפירנדיקע מאַרסעליעזע-קלאַנגען
און פֿיצפּערע טענער פֿון אַ טרויער-מאַרש...
שטורמישער נצחון-יובל
און טרייסטלאָזער טרויער פֿון מפּלות...
איבערמוטיקע נשמות פֿון די, וואָס דערלעבן מאַכט
און פֿאַרשטיקטע קרעכצן פֿון די, וואָס פֿאַרלירן
זייער מאַכט און חשיבות...
דאָס איז דאָס בילד פֿון דער רעוואָלוציע,
פֿון יעדער רעוואָלוציע.

און קיינמאָל ווייס מען נישט, וואָס איז אין איר מער:
אומשטערבלעך גליק, צי אומפּרוכטבאַרער פּיין.
בלויז די יורשטע פֿון מענטשלעכן גורל —
די וועלט-געשיכטע — וועט אַמאָל פֿאַרטיילן
דאָס ליכט און דעם שאָטן.

אָבער די עדות, די קעמפֿער פֿון דער רעוואָלוציע,
נעמען מייסטנס אויף אין זייער נשמה בלויז איינס:
איר פֿרייד, אָדער איר לייד.

אונזער רעוואָלוציע איז געווען און איז אַזוי פֿול מיט ליידן.

אז אירע שפיצן שטראלן נישט אין גליק און יובל,
נאר אין צער און פיין.
דער וועג פון אונזער רעוואלוציע איז געווען
א דערנער־וועג
און איר ליכטיקע פארווירקלעכונג איז אויסגעקריצט
אויפן הייטן האריזאנט.

דורך בערג קרבנות פון אכזריותדיקן קריג,
דורך שטראמען הייליק מענטשן־בלוט,
דורך דער ווילדערניש פון ערינערונגען און אנונגען
מארשירט די רעוואלוציע.
זי מארשירט
צום העכסטן וויל פונם ארבעטס־מאן,
צום זארגלאזן שמייכל פונם קינד,
צו די הארמאנישע נשמות פון מענטשן־ברידער.
זי מארשירט
און איר פנים איז פארוואלקנט פון קומער,
און אין איר האנט בליצט דאס גערעכטע שווערד...

*

מענטשן! גיט זיך אפ דעם גליק פון דער רעוואלוציע.
בויגט די קעפ פאר די ליידן פון דער רעוואלוציע!



# ערשטער אקט

אויגוסט 1917. א גרויסע פראווינצשטאט אין רוסלאנד.

## ערשטע סצענע

א באשיידענע דירה פון א אינטעליגענט. א גרויסער אויפנאם־צימער. דורך איין טיר קען מען זען די וווין־שטוב. א צווייטע טיר פירט אין פאדערהויז. אין ווינקל א טעלעפאן. דער טיש איז פארוואַרפן מיט צייטונגען און בראשורן. אין אנדערן צימער־ווינקל א גרויסער שפיגל. אויף א שטול איז אוועקגעווארפן אן אפגעקראכענער רויטער שלייף פון א מיטגליד פון דער סאָוויעט־עקזעקוטיווע. אויף דעם דיוואן ליגט פארוואָרפן א צערטער, בלאסער שאל.

דער טעלעפאן קלינגט. קיינער ליגט נישט קיין אכט אויף דעם. פון צווייטן צימער דערטראגן זיך די אין שפאס שטרייטנדיקע שטימען פון אלעקסאנדער און מאריא. דער טעלעפאן קלינגט ווידער.

מען הערט מאריאס שטימע: גיי שוין, מ'רופט דאך דיך!

**אלעקסאנדער:**

גייענדיק צום טעלעפאן.

**אלעקסאנדער:**

ביים טעלעפאן:

יא... איך... חבר שעלינצעוו... רעדט לאנגזאמער... איר רעגט דאך מיך אויף. א לענגערע פויזע. די אויפרעגונג וואקסט. וואס רעדט איר?... אוממעגלעך... דאס הייסט פאראויסגעזען? — יא, יא... אויך מיר ווערן דורכדעם אריינגעצויגן...

גוט, וואָס איר זענט עס מודיע... מיר וועלן גלייך צו-
נויפרופן די עקזעקוטיווע... אַזוי, איר האָט זי שוין צו-
נויפגערופן?... זייער גוט... כּל זמן די שטאָט ווייס נישט
דערפון, איז בעסער אין אַ פריוואַט־הויז. לאַכט אויך
דאָס האָט איר שוין פאָראויסגעזען?... ביי מיר? — אויס־
געצייכנט. אויף פיר אַזייגער?... ווען איר, הייסט עס,
באַלד קומען. נאָר רויק — — הענגט אויף די טרייבל.

אַלעקסאַנדר

שרייט אַריין אין צווייטן צימער:

מיט מיטאָג וואַרטן אויף שפעטער! זיי וועלן דאָ באַלד
קומען... גייט אויפגערעגט אַרום אין צימער אַהין און אַהער, קלייבט
אַראָפ פון טיש.

מאַריאַ

בליקט אַריין אין צימער, דערנענטערט זיך צו אַלעקסאַנדערן, קוקט אים
אָן דערשטוינט און זאָגט שטיל: וואָס איז געשען? — האָסט
דאָך נאָר וואָס רויק טעלעפאָנירט?

אַלעקסאַנדר:

וואָס איז געשען? געדענקסטו נאָך די אַלע קאָזאַקן, גע־
נעראַלן, ליבעראַלן אין מאָסקווע? איצט מאַכן זיי דעם
אויפשטאַנד... איינער פון זיי זאָטלט שוין דאָס ווייסע
פערד, כּדי אַראָפצוּוואַרפן קערענסקין. אַלץ גייט צו ווי
געשמירט... דאָס שענסטע אין דער גאַנצער געשיכטע איז
אָבער, וואָס קערענסקי רופט צו הילף גראָד אונז, די סאָוועטן.

מאַריאַ:

און די זיצונג דאָ?

אַלעקסאַנדר:

צווישן זיך גערעדט: מיר האָבן צונויפגערופן אַן עקסטרע
זיצונג פון דער עקזעקוטיווע, כּדי אַן גערודער אָננעמען איי־
ניקע קעגן־מיטלען.

מאַריאַ:

קען איך בייזיין?

מ'קלינגט.



אַלעקסאַנדר:

איך רעכן, אַז יאָ.

עס קומען אַריין נאָכאַנאַנדער: שעלינצעוו, וויקטאָר, גליעב, זאָ-
לאָטאָוו, אַכמאַטאָוו, פּאַליגלאָטאָווא און נאָך פאַרשידענע פּערזאָ-
נען. צוזאַמען אומגעפער אַ ניין, צען מענטשן. שטילע שמועסן
צווישן איינצלנע גרופּעס. אַן אויפגערעגטע אָבער מונטערע
שטימונג.

זאָלאָטאָוו:

רייבט זיך די הענט. פריידיק אויפגערעגט, צו אַלעקסאַנדערן:

גאָטס נסים! איך זיץ מיר גאַנץ רויק אין מיין אַרבעטס־
צימער, כ'האָב זיך גראָד אָפּגעפּאַרסיקט מיט מיינע חשבו־
נות — און פּלוצלונג — נאַדיר אַן עקסטרע זיצונג — מ'לאָזט
מיך אַפילו נישט אַראָפּכאַפּן זיך אַהיים.

שעלינצעוו:

זיך אַראָפּכאַפּן אין שטוב? אין דעם דאַרף מען שוין איצט
פאַרגעסן...

זאָלאָטאָוו:

אָנווייזנדיק מיט אַ שמייכל אויף שעלינצעוו און אַנדערע:

און ווי קונציק זיי האָבן דאָס אַלץ אָפּגעאַרבעט — זיך
אַריינגעריסן צו מיר, האָבן אַלעמען אַרויסגעטריבן, און
מיך, די קאָפּ פון שטאָט, געלאָזן אָן אַ קאָפּ קוועטשט מיט
די באַקעס.

אַלעקסאַנדר:

אַזוי... אָבער גליעב איז, ווי ס'שיינט, זייער שטאַלץ. קוקט
אויף אים מיט חווק האָט איר דאָס, הייסט עס, פאָראויסגעזען,
וואָס? נישקשה, אויך מיר האָבן עס געזען אָנקומען.

גליעב:

מיט רויקער איראָניע:

וואָס האָט איר געזען? — אַלץ געזען? — פאָראויסגעזען —
און אַלעמען געשווינט, — איצט וועט איר האָבן צו קנאַקן
האַרטע ניס!

אלעקסאַנדער:

מיט שפּאָט:

איר שטעלט אָבער אומזיסט אָן די קשיות, זיי אָנצו־קלייבן.

וויקטאָר:

לאָזט אָפּ! אויף וואָס וואַרטן מיר? מאַריאַ קומט שטיל אַריין און זעצט זיך אַוועק נעבן פּאַלינלאַטאַוואַ.

וויקטאָר:

לאָמיר אָנהויבן! איך עפֿן די זיצונג אייניקע זעצן זיך, אַנדערע בלייבן שטיין.

וויקטאָר:

קודם, גיב איך אָפּ אַ באַריכט: מיט אַ שעה צוריק האָט דער סאָוועט דורך די אייזנבאַן־אַרבעטער דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע. די טעלעגראַמע–אייליק–היסטעריש–פֿון קערענ־סקין. ער איז מודיע, אַז קאָרנילאָוו בונטעוועט...

גליעב:

הפֿסקיק:

קעגן וועמען?

וויקטאָר

נערוועז:

איך בעט אייך מער ניט איבערצורייסן. וואָס איך ווייס וועל איך דערציילן. קעגן וועמען? איך קען זיך נישט דערמאָנען, צי קעגן דער רעגירונג, אָדער קעגן קערענסקין. די טעלעגראַמע איז אַביסל צו לאַנג און פֿאַרפּלאָנטערט. איצט איז אָבער וויכטיקער דאָס אַנדערע. דער גענעראַל מאַרשירט מיט זיין אַרמעע אויף פּעטראָגראַד. קערענסקי בעט הילף. מיר מוזן באַטראַכטן — די אַלגעמיינע לאַגע בכלל, און וועלכע מיטלען מיר זאָלן דאַ...

אלעקסאַנדער:

איך האַלט, אַז די אַלגעמיינע לאַגע וועלן מיר באַהאַנדלען שפּעטער, אין רויִקערע צייטן. חוץ־דעם, איז זי,



דוכט זיך, פֿאַר אַלעמען קלאָר... יעדנפֿאַלס איז ביי אַכ־מאַטאָוון און גליעבן נישט צו באַמערקן, אַז זיי זאָלן האָבן אַ פֿאַרלאַנג צו דיספּוטירן. מיר דאַרפֿן איצט באַשליסן וועגן אָנגענומען מיטלען. גיט מיר אַ וואָרט צו דער דאָזיקער פֿראַגע:

גליעב

דרייסט איבער:

כ׳האָב גאָרנישט קעגן דעם, מיטן באַדינג, אַז די אַלגעמיינע לאַגע זאָל געשטעלט ווערן...

וויקטאָר:

נאָך היינט אָוונט וועט זי געשטעלט ווערן — — זי וועט שוין — — און איצט צום ענין! אַלעקסאַנדער איוואַנאָוויטש, איר האָט דאָס וואָרט.

אלעקסאַנדער:

איך רעכן, אַז מיר מוזן אויסנוצן אונזערע דערפֿאַרונגען פֿון מערץ זיין שטימע ווערט האַרטער, מאַריאַ גיט זיך אַ טרייסל און הייבט זיך אין שאַל, ווי איר וואָלט שווידערן. תּיכּף, מיט איין קלאַפּ מוזן באַזעצט ווערן אַלע פֿאַרקער־מיטלען: די פּאָטשט, דער טעלעגראַף און די אייזנבאַנען. אויף די ליבעראַלן מוז מען גוט אַכטונג געבן. מיר מוזן קומען אין אַ ענ־גערע פֿאַרבינדונג מיטן גאַרניזאָן.

זאַלאַמאָוו:

מיר וועלן גאַנץ פּשוט אַריינשיקן סאָוועט־קאָמיסאַרן. קאָ־מיסאַרן אין דער פּאָטשט, אין טעלעגראַף, אין...

גליעב:

אין די צייטונג־רעדאַקציעס, אין די דרוקעריי ען.

אכמאַטאָוו:

אויפגערעגט.

צוואָס ווידער די דאָזיקע רעפּרעסיעס? חאָטשע צייטונ־גען, משטיינס געזאָגט, האָבן מיר דאָ? ליבעראַלן! ווער הערט זיי?

שעלינצעוו:

בארס:

פרעגט בעסער, ווער עס לעבט לויט זייער שטייגער. איר זענט נאָר פעיק זיך אמפערן איינער מיטן צווייטן, אָבער וואָס עס קומט פאָר אונטער אייער נאָז, דאָס זעט איר נישט. זיך פארבינדן מיטן גארניזאָן... א שיינע פארבינדונג, ווען איר קענט אפילו נישט די אָפיצירן. איך קען זיי בעסער ווי איר — זיי טראַכטן און טרוימען נישט אנדערש ווי קאָרנילאָוו. נישט אומזיסט בין איך זעקס יאָר געווען א קראָנשטאַטער מאַטראָס.

קסאנדר:

בארויקנדיק:

אז איר ־זענט געווען א מאַטראָס, ווייסן מיר אלע גאנץ גוט — אָבער צו דער זאך האָט עס גאָרנישט. איר האָט אונז אָבער באמת געגעבן א גוטע אידעע. מ׳מוז צונויפרופן אן אָפיצירן־פארזאמלונג און זיי דערקלערן די לאגע. דאָ וועט זיך אויך ארויסשטעלן, וווהין עס ציט זיי.

אכמאטאָוו:

יאָ, דאָס קען מען מאכן, און אויב איר ווילט, נעם איך אויף זיך דעם רעפעראַט.

גליעב:

רייסט איבער:

ס׳אי קלאָר: אויב ריידן מיט די קאָרנילאָוו־לייט — קען עס נאָר אכמאטאָוו... אין דער שטיל יעדער אָפיציר איז א האלבער אכמאטאָוויעץ גיט אָפּ אן א זייט און פארדרייכערט א ליולקע.

וויקטאָר:

גליעב, אויב איר וועט נישט אויפהערן צו שטערן, וועלן מיר אייך באשטימען אלס רעפערענט. גליעב ציט אין דער הויך מיט פאראכטונג די אקסלען. אכמאטאָוו, זייט אזוי גוט און רעדט ווייטער דער טעלעפאָן קלינגט.

אלעקסאנדר

גייט צו צום טעלעפאָן. אלע שווייגן.



אלעקסאנדר:

ביים טעלעפאָן:

פון וואָקזאל?... נו?... ווי ווייט פון דאנען?... 56 ווייאָרסט?.. זענען זיי א סך? נישט מער?.. וואַרט, איך וועל פרעגן.

אלעקסאנדר

ווענדט זיך שנעל צו די איבעריקע:

אויף דער סטאַנציע ריאַני פאָרט פארביי א באטאליאָן קאָזאקן מיט פעריד. הונדערט מאן. זיי פאָרן צום דרום. צי זאל מען זיי דאָ דורכלאָזן?

אן אייזנבאן־ארבעטער:

איך האלט, אז ס׳איז נישט קיין סכנה... ביז זיי וועלן אָנקומען צו קאָרנילאָוון, וועט שוין פון אים קיין זכר נישט בלייבן. פונדעסטוועגן דאַרף מען זיי דאָ פארהאלטן.

וויקטאָר:

הייסט עס, זיי דאָ לאָזן אָנקומען — און דאן פארהאלטן ריכטיק?

שטימען: יאָ — געוויס! —

אלעקסאנדר

ביים טעלעפאָן:

דורכלאָזן און דאן פארהאלטן! האלטן זיי געהיים אויף דער סטאַנציע!

וויקטאָר

צו אכמאטאָוון:

רעדט ווייטער.

אכמאטאָוו:

איך פּראָטעסטיר קאַטעגאָריש קעגן דער פּרעסע־צענזור.

אלעקסאנדר

שרײַבט:

אכמאטאָוו, איר ווייסט גאנץ גוט, אז אויך איך האָב נישט ליב די דאָזיקע מיטלען. אָבער ווי אזוי קענט איר איצט,

אין קריטישן מאָמענט, דערלויבן, אַז די צייטונגען זאָלן רעדן, שרייען, פּילדערן!

**גליעב**

סאַרקאַסטיש, לאָזנדיק דערבײַ דעם רויך פון דער ליולקע:

ער האַלט, אַז דאָס איז „נישט דערלאָזבאַר״?

**אַלעקסאַנדר:**

אין דער אמתן — וואָס הייסט — נישט דערלאָזבאַר? איז דען געווען דערלאָזבאַר צו אונטערדריקן די מאָנאַרכיסטישע צייטונגען? און סוף־כּל־סוף האַנדלט זיך דאָך נאָר אין דעם, אַריינצוזעצן קאָמיסאַרן.

**זאָלאָטאָוו**

לאַנגזאַם און פאַרטראַכט:

איך זע דאָ נישט איין קיין סתירה... אָדער מיר האָבן צוטרוי צו זיך, אָדער נישט. אין ערשטן פאַל קענען מיר דאָס טאָן. אויב איר אַלע ווילט נישט, דאַן וועל איך גיין אין די רעדאַקציעס אַלס קאָמיסאַר.

אַלע שווייגן.

**וויקטאָר:**

די צייט שטייט נישט, און מיר האָבן נאָך נישט באַשלאָסן וועגן אַלץ. איך לייג פאָר טעלעפאָניש מודיע צו זיין די דאָרף־קרייזן וועגן אַלע געשעענישן. מיר ווילן דאָ אויס אַ קריגס־רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט פון פינף מיטגלידער. קיינער איז נישט דאַקעגן? — קיינער! די אָפּיצירן־פאַרזאַמלונג איז באַשלאָסן? — באַשלאָסן. רעפערענט — אַכמאַטאָוו? — גוט!

**אַלעקסאַנדר:**

איצט דאַרף מען נאָך שיקן אַ טעלעגראַמע קיין פּעטראָגראַד.

**גליעב:**

צו וועמען?



**אַכמאַטאָוו**

לייגט אוש צונויף די הענט פון פאַרוואונדערונג:

ס'איז דאָך קלאָר — צו דער רעגירונג!

**ליעב:**

ס'איז שוין גאָר נישט קלאָר! אין דאָזיקן גאַנצן ענין האָט קערענסקי אַליין צעבראָכן די רעגירונג. מיר קענען נאָר איין אַדרעס: די צענטראַל־עקזעקוטיווע פון די סאָוועטן.

**וויקטאָר**

באַרויקנדיק:

מיר וועלן טאָן ווי תמיד: מיר שיקן איין קאָפּיע צו דער צענטראַלע און אַ צווייטע — צו דער רעגירונג.

**אַלעקסאַנדר**

לאַכט צו זאָלאָטאָוון, אָנווייזנדיק אויף וויקטאָרן:

ער וויל פאַרטושן! ס'וועט אָבער נישט געלינגען, מיין ליבער. נאָכן צעטרייבן די שטורעם־וואָלקנס, וועלן מיר זיך סוף־כּל־סוף מוזן ענטשיידן: קערענסקי, אָדער די ראַטן! נו, ווער שטעלט צונויף די טעלעגראַמע?

**וויקטאָר:**

שרייבט איר, אַלעקסאַנדר, און איך וועל דערווייל מודיע זיין דעם אָרטיקן סאָוועט.

פּויזע.

**וויקטאָר** טעלעפאָנירט, **אַלעקסאַנדר** שרייבט, עס בילדן זיך גרופּעס, **מאַריאַ** גייט צו שטיל צו אַלעקסאַנדערן און באַקוקט אין פּאַפּיר, ער איז אַזוי פאַרטיפט אין שרייבן, אַז ער מערקט עס נישט. זי גייט אָפּ מיט אַ זיפץ. זי גייט צו צו זאָלאָטאָוון, וועלכער וויקלט צונויף אַ פּאַפּיראָס אין אַ ווינקל. מאַריאַ רעדט צו אים שטיל און אַ ביסל אויפגערעגט.

**מאַריאַ:**

איר זענט אַלע אַזוי מונטער — שטייט אייך נישט פאָר קיין סכּנה?

**זאַלאַטאַוו**

שמייכלט:

ווען מ'האָט מורא פֿאַר וועלף, דאַרף מען נישט גיין אין וואַלד... וואָס עפּעס פּלוצלונג אַ געפֿאַר?

**מאַריאַ:**

יאָ, איך רעכן אויך. גייט אָפּ. דער רויטער שלייף ווארפט זיך איר אין די אויגן, זי נעמט אים אין האַנט.

**אַלעקסאַנדר**

אויפֿן קול:

כ'האָב געענדיקט, הערט אויס: ראַט אַרבעטער־סאָלדאַטן דעפּוטירטע — שטעמפּלט — שענדלעכן אָנגריף... ניין, נישט אַזוי... בגידהשן אָנגריף פֿון די גענעראַלן. ראַט ווייס — גענעראַל איז נישט אַליין, ער איז דער מבשר פֿון דער אָנוואַקסנדיקער סאָציאַלער... איבעריק — רעאַקציע. איבערצייגט, רעוואָליוציע וועט די דאָזיקע מרידה אין די הויפּט־שטעט באַהערשן. מיר דאָ — וועלן יעדן פּרווו זי אונטערצושטיצן אויסרייסן מיטן וואָרצל. גענוג?

**שימען:** גענוג.

אַלע גייען צו דער טיר.

**גליעב**

שאַרף, קאַלט:

מ'מוז צוגעבן: „נידער מיט דער רעגירונג פֿון דער בורזשואַזיע"! שעלינצעוו גייט שנעל צו צו אים, כדי מיט אים איינצוטענהן, אָבער יענער ווערט זיך אָפּ פֿאַרדראָסיק מיט דער האַנט.

**אַלעקסאַנדר:**

ווען נויטיק — טוט מען דאָס. ס'איז אָבער נישט נויטיק עס צו שרייבן.

**זאַלאַטאַוו:**

לאָמיר נישט צעשטערן די אייניקייט.

**וויקטאָר:**

מיר שטימען אָפּ. ווער איז פֿאַרן דאָזיקן טעקסט?

אַלע הייבן די הענט, אַ חוץ גליעב און אַכמאַטאָוו.



**מאַריאַ:**

גיט אַ געשריי און וואַרפֿט זיך צו אַכמאַטאָוון:

וואָס — איר האַלט מיט גליעבן? גייט אָפּ צעטומלט.

דאָס צימער ווערט ליידיק, עס פֿאַלט צו די טונקלקייט, האַלבּ־בין־השמשות. אין דער טיר בלייבן שטיין גליעב און מאַריאַ: זיי שמועסן. עס הערט זיך אַ לאַנגער, טרויעריקער גלאָקן־קלאַנג. נאָך אים אַ צווייטער, אַ דריטער. אַלעקסאַנדר שטייט ביים טיש מיטן פּאַפּיר אין האַנט, ער לייגט אים אַוועק, גייט צו שנעל צום פֿענצטער און הערט זיך איין, פֿאַרזונקען אין מחשבות, צום גלאָקן־קלאַנג.

**גליעב:**

וועלכער דרייט זיך אום, באַמערקט עס, און אַנטוויינדיק אויף אים מיט אַ קאָפּ־באַוועגונג — זאָגט ער צו מאַריאַ:

אַ גוטער קעמפֿער — ער וועט אָבער נישט אויסהאַלטן. מאַריאַ קוקט אויף אים אַ דערשראָקענע, מיט אַ פֿראַגע אין בליק. עס ציט אים תמיד צו רגעץ ווייט. וואָס גייען אים אָן די גלאָקן? עס וועט קומען אַ האַרטע צייט — ער וועט נישט אויסהאַלטן. דריקט איר די הענט און גייט אַוועק.

אין צימער איז לגמרי שטיל, דער גלאָקן־קלאַנג הערט אויף. מאַריאַ גייט צו שטיל פֿון הינטן צו אַלעקסאַנדערן און לייגט אים אַרויף די האַנט אויפֿן אַקסל. ער קערט זיך שנעל אום — זיין פּנים איז באַלויכטן מיטן ווידערשיין פֿון אַן אינערלעכער באַגייסטערונג, פֿונדעסטוועגן פֿול רויקייט.

**אַלעקסאַנדר**

אויפֿגעלעבט:

איצט וועלן מיר עסן מיטאָג.

**מאַריאַ**

ווי דערוואַכנדיק פֿון אַ שלאָף, דערדריקנדיק אַ זיפֿץ, אויפֿגעלעבט:

באמת, שוין לאַנג צייט! איך האָב עס גאָר פֿאַרגעסן. גייט צו דער טיר. אָך, ווען דו וואָלסט זען, ווי מאַכלדיק וואַרעניקעס איז היינט געווען ביים באָדן!

## צווייטע סצענע

א קליין עס־צימער, ביי א געשמאַקפול־געגרייטן טיש זיצן אלעק־סאַנדר און מאַריאַ, דערנעבן יוליע און די מוטער. פון צווייטן צימער הערט זיך א פּאָר מאָל דאָס שטילע געוויין פון א קינד.

עס הערשט אַן אויפגעלעבטע, זאָרגלאָזע שטימונג.

מוטער:

האָסט אונז א שפּאָר ביסל געלאָזט וואַרטן מיטן עסן! יול־יע האָט שוין געוואָלט ערגעץ־ווו אוועקגיין אָן מיטאָג.

יוליע

רייסט לוסטיק איבער:

אדרבה, איך וויל וויסן, וואָס איר האָט דאָרט באַשלאָסן

ווענדט זיך מיט שפּרודלדיקער אויפגעלעבטקייט צו אַלעקסאַנדערן

נישט אמת? דערקלערן קריגס־צושטאַנד? אַנטהאַפּנען די קאָזאַקן? די פּרעסע...

אלעקסאַנדר

שמייכלט:

אַהאַ – פונוואַנעט ווייסטו דאָס שוין אַלץ?

מוטער

שפּאַטיש:

זיי אַזוי גוט – מאַריאַ ווייסט אַלץ – פאַרוואָס · עפּעס זאָלן מיר נישט וויסן?

אלעקסאַנדר:

יוליע, ווו ביסטו היינט געווען דעם גאַנצן פאַרמיטאָג?

מאַריאַ

אויפגעלעבט:

זי איז געווען קויפן קאָנצערט־בילעטן.

אלעקסאַנדר:

הייסט עס, אַז ס'וועט פאָרט פאָרקומען?

יוליע:

ווי דען? די נאָענטסטע טעג. האָסט געדאַרפט זען ס'אַרע



געדראַנג ס'איז געווען! בנאמנות, דאָ ביי דער בילעטן־קאַסע איז דורכגעפירט אין לעבן די „פאַרייניקונג פון דע־מאָקראַטישן פראָנט". אויך גליעב איז דאָרט געווען.

אלעקסאַנדר:

פאַרוואָס נישט? וואָס איז זיך דאָ צו וווּנדערן? געזאַנג – פּאָעזיע – א דורכרייזנדיקע פּרימאַדאָנאַ פאַרייניקן אַלעמען. דאָס זענען ליכטשטראַלן פון א וועלט, צו וועל־כער מיר האָבן קיין צוטריט נישט. שפּאַרט זיך אָן אין שטול־ווענטל. אָבער זיי, די קינסטלער, זענען אונז מקנא. זעך אוועק איינעם לעבן צווייטן, א קינסטלער און א רעוואָ־לוציאָנער, וועלן זיי ביידע פאַרצערט ווערן פון קנאה.

פון צווייטן צימער דערטראָגט זיך א דומפּער געוויין, מען הערט זיך צו, אָבער מ'לייגט נישט אויף דעם קיין אַכט.

אלעקסאַנדר:

אָבער דאָס קאָמישע איז אין דעם, וואָס זיי דאַרפן גאָר נישט מקנא זיין איינער דעם צווייטן; ווייל יעדער פון זיי איז גלייכצייטיק דאָס איינע און דאָס צווייטע.

מאַריאַ:

פונדעסטוועגן דערווייטערן זיך גליעבס פריינט אַלץ מער פון דער קונסט, ווי אָפט איך זאָל זיי נישט רופן.

אלעקסאַנדר:

נו, דאָס איז אַן אַלטע געשיכטע. גליעבס חברים האַלטן עס פאַר א סימן פון „גוטן טאָן" צו שפּאָטן איבערן טע־אַטער, ריכטיק ווי א סך „קולטיווירטע" מענטשן לויפן אוועק פון פּאָליטיק... דאָס זענען דיזעלבע גליעב־לייט, נאָר פון דער פאַרקערטער זייט.

יוליע:

און שעלינצעוו?

אלעקסאַנדר:

דאָס איז שוין א גאַנץ אַנדער זאַך.–אַנדריי איז א מענטש, וואָס גייט תמיד ביזן סוף. ווען ער וועט אַמאָל אָנהויבן

ליבן די קונסט, וועט ער אונז אַלעמען פאַרשטעקן און גאַרטל דורך זיין הונגער נאָך איר.

שטילשווייגן.

אַלעקסאַנדר:

געדענקט איר נאָך דעם אַנדריי פון פאַר דריי וואָכן?

מאַריאַ

מיט אַ זיפץ:

דאָס וועט מען קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

אַלעקסאַנדר:

חער האָט פיינט די אָפּיצירן מער פאַר אים; ווען דער המון האָט אָבער דורכגעריסן אין דער וואָזנעסענסקאַיאַ-גאַס דעם קאָרדאָן און זיך געוואָרפן אויף דיביידע אָפּיצירן, איז ווערט געווען צו זען ווי אַנדריי האָט זיי געשיצט מיט זיין קערפּער... און ווי ער האָט שפּעטער מאָראַליש גע־ליטן פון דער דאָזיקער ווילדקייט פון המון. „איך גיי אַרום ווי אַ באַשפּיגענער", האָט ער געזאָגט צו מיר.

אַלעקסאַנדר

שטייט אויף פון טיש:

היינט, נאָך דער זיצונג, וועלן אַ פּאָר חברים אַרויפקומען צו מיר — צו מאַריאַ — ווילסטו ביי זיין?

מאַריאַ

שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין:

וואָס וועל איך טאָן ביי אייך? כ'וועל אָבער גיין עפּעס איינקויפן. מען מעלדעט אַלעקסאַנדערן, אַז מ'איז געקומען צו אים. ער גייט אַרויס אין פאָדער־צימער.

## דריטע סצענע

דאָס צימער פון דער ערשטער סצענע. סאָריבאָוו איז אין צי־מער, און וואַרטנדיק גייט ער אַהין און צוריק, פון דער אויי־בערשטער קעשענע פון זיין מאַרינאַרקע זעט זיך אַרויס דער שפּיץ פון אַ צייטונג. ווען אַלעקסאַנדר דערזעט אים אויף דער שוועל, קנייטשט ער דעם שטערן, ווי ער וואָלט זיך אומגערן איינשליסן.



אַלעקסאַנדר:

גוטנאָחנט, סאָריבאָוו.

סאָריבאָוו

דרייט זיך שנעל אום, שטעקט אויס זיין האַנט:

גוטנאָחנט. איר וועט זיכער פרעגן, מיט וואָס איר קענט דינען? איך בין אָבער גראָד פאַרבייגעגאַנגען און בין סתם אַזוי זיך אַרויפגעשפּרונגען.

אַלעקסאַנדר

ציט צונויף די ברעמען:

ניין, דאָס זאָג איך קיינמאָל נישט. פאַרוואָס שטעקט ביי אייך אַרויס די צייטונג אויף אַזאַ אויפפאַלנדיקן אָרט? כ'האָב געמיינט, אַז איר האָט נישט ליב קיין צייטונגען.

סאָריבאָוו:

דאָס איז אַ שטיקל פון עפּעס אַ צייטונג — ווי אַזוי זאָל מען ביי היינטיקן טאָג נישט לייענען קיין צייטונגען, ווען מען טרעפט דאָרט כסדר באַקאַנטע נעמען?

אַלעקסאַנדר:

נישט תמיד איז זיי אָנגענעם צו לייענען.

סאָריבאָוו:

איר מיינט אַזוי? פאַר מיר אָבער איז עס אַן אמתער פאַרגעניגן. היינט צו טאָג ווערן אַזויפיל מענטשן „באַרימט", און אין דער צייטונג פאַרפאָלגט מען זייער שטייגן — שטייגן... און דערנאָך זייער ירידה.

אַלעקסאַנדר:

געוויס, פאַר אייך איז עס דאָסזעלבע ווי אין דער בערזע־אָפּטיילונג.

סאָריבאָוו:

זייער מעגלעך! אויף דער דאָזיקער בערזע איז אָבער בעסער צו זיין קויפער, איידער — אַקציע. זיפצט צביעותדיק. חיינטיקס יאָר, זאָג איך אייך, זענען אויפגעשוווּמען אַזוי פיל פּאָפּולערע נעמען — פּאָפּולער ווי דער קייזער אַמאָל... און דערנאָך, פּאַמעלעך, זענען זיי אַלע מיט גרויזאַמער הנאה,

װידער אַראָפּגעפֿאַלן – לחלוטין, װי זײ װאָלטן באַגראָבן געװאָרן אונטער שנײ־בערג – און דאַן... קבר – פֿאַר־געסנקײט – אַלץ איז אױסגעלאָשן. *שטילשװײַגן. אַלעקסאַנדער גײט צו צום פֿענסטער, סאַריבאָװ רעדט װײַטער.* איצט געפֿינט מען כּסדר אין די צײַטונגען דעם נאָמען פֿון אונדזערער אַ באַקאַנטער. װי הײסט זי דאָרט? ראַיעװסקאַיאַ! *אומבאַ־מערקטערהײט װערט אַלעקסאַנדער אױפֿגעציטערט, ער פֿאַרלאָזט דעם פֿענסטער און דערנענטערט זיך שװײַגנדיק, פֿאַרינטערעסירט.* דאָ שטײט, אַז זי שפּילט אַ ראָלע אין דער הױפּטשטאָט, אַז זי האָט דערפֿאָלג... ערגעץ־װוּ האָט מען אָנגענומען איר רע־זאָלוציע – יאָ, אגב אורחא, – איך האָב מיט זיך אַ צײַטונג, װוּ עס שטײט באַשריבן. *ער נעמט אַרױס די צײַטונג פֿון קעשענע.* לײענט עס איבער – *גיט די צײַטונג אַלעקסאַנדערן, װעלכער לײענט זי פֿאַר זיך, מיט אַ נידעריקער שטימע, אַ צעטומלטער. סאַריבאָװ קוקט אים „גאָט־די־נשמה־שולדיק" אָן.*

**ס אָ ר י ב אָ װ:**

איר האָט זי שױן לאַנג נישט געזען?

**אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר**

*אָך גאַנץ צעטומלט:*

װאָס? צי איך האָב זי געזען? נײן... נײן.

**ס אָ ר י ב אָ װ:**

װי מיר שײַנט, זענט איר אַמאָל געװען גוט באַקאַנט?

**אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר**

*פֿאַרטראַכט.*

יאָ, גוט באַקאַנט. *שאַרף* פֿאַרװאָס אינטערעסירט עס אײַך אַזױ?

**ס אָ ר י ב אָ װ:**

ס'האָט זיך מיר סתּם אַזױ אַרױסגעכאַפּט פֿון מױל.

*שטילשװײַגן.*

**ס אָ ר י ב אָ װ:**

און װאָס מאַכט עפּעס מאַריאַ? זי נעמט נישט קײן אָנ־טײל אין דער הױף־פּאָליטיק? זי פֿאַרנעמט זיך מיט פֿילאַנטראָפּיע?



**אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר**

*פֿײַסט דעם שטערן, געררײצט, קען זיך נישט באַהערשן, צעקנײטשט די צײַטונג.*

פֿונװאַנעט נעמט איר, אַז אַלע מוזן זיך באַשעפֿטיקן מיט פּאָליטיק? פֿאַרװאָס זאָלן עפּעס די פֿרױען אין אַלץ מוזן נאָכמאַכן זײערע מענער? *האַקט קורץ אָפּ, גײט צום גלעקל, דריקט אױף אים און גײט הין און צוריק.*

**ס אָ ר י ב אָ װ**

*קוקט אים נאָך מיט אַ שמײכל, שטײט אױף:*

װי איך זע, דערװאַרט איר אימיצן – איך װיל אײַך נישט אױפֿהאַלטן. איר רעגט זיך צופֿיל אױף. כ'לאָז גריסן אײַער פֿרױ. די צײַטונג װאָלט איך אָבער װעלן מיטנע־מען. *אַלעקסאַנדער דערלאַנגט אים דאָס צעקנײטשטע פּאַפּיר.* אַדיע. *אָפּ.*

**אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר**

*קוקט אים נאָך אַ רעכטע װײַלע, דערנאָך פֿירט ער דורך די האַנט איבערן שטערן און רעדט פֿאַר זיך:*

ס'אַרע געמײנקײט! *אַרומגעכאַפּט פֿון דערינערונגען, גײט ער אום אין צימער אױפֿגערעגט, הילפֿלאָז. װען ער באַמערקט אױפֿן דיװאַן מאַריאַס שאַל, זעצט ער זיך אַװעק אױפֿן דיװאַן און גלעט דעם שאַל אױף זײַנע קני, זײַן געזיכט װערט בסדר רױיקער און רױיקער.*

*אין דערזעלבער צײַט דערשײַנט אין דער טיר מ אַ ר י אַ, אַ יונגע און פֿרישע, אָנגעטאָן צום שפּאַצירן; אַלעקסאַנדער באַ־מערקט זי נישט. זי דערזעט אים מיטן שאַל, רױטלט זיך פֿון פֿרײד, בלײַבט שטײן אַ װײַלע און גײט שנעל אַװעק.*

## פֿערטע סצענע

*אַ קיך. שפּעטער נאָכמיטאָג. ס'קומען אַרײַן צװײ פּױערים, באַ־לאָדענע מיט זעק; זײ אָטעמען שװער פֿון אױסגעשעפּטקײט. אײ־נער – אַן אַלטער מאַן מיט אַ האַלב־גרױער באָרד, אין זױבע־רע, אָבער אָרעמע מלבושים. דער אַנדערער – אַ קרעפּ־קיקער יונגערמאַן מיט שטראַלנדיקע אױגן. די ניאַנקע לױפֿט זײ אַנטקעגן מיט פֿרײד.*

ניאַנקע

(אויפגעלעבט:)

קום אַריין, קום אַריין, ניקיטיטש — סאַראַ אומגעריכטע געסט — מאַכט אייך באַקוועם.

ניקיטיטש

(סאַפּעט, אַראָפּוואַרפנדיק פון זיך די זעק:)

איצט, הייסט עס, וועלן מיר זיך אַביסל אויסרוען... מיר האָבן זיך לגמרי אַרויסגעשלאָגן פון די כחות. די באַנען גייען נישט.

ניאַנקע:

יאָ, עפּעס אַ גענעראַל אַזאַ זאָל דאָ האָבן געבונטעוועט... זאָגט מען...

ניקיטיטש:

זאָגן מיר צו זיך, איך און וואַסיאַ (ווייזט אָן אויפן יונגמאַן) לאָמיר דערווייל אַריינגיין צו דער טאַטיאַנאַ.

ניאַנקע:

איר האָט געטאָן גאַנץ גלייך, ליבע לאַנדסלייט... וועלכער וואַסיאַ זאָל דאָס זיין? איז עס נישט אַמאָל פון דער מוראַמצעווער פאַמיליע?

ניקיטיטש

(שטאָלץ:)

דאָס איז ער! דו זעסט, ווי דער בחורעץ איז אויסגעוואַקסן? און געבילדעטע איז ער! די גאַנצע געגנט קוקט אים אין מויל... (טוט אויס דעם פּעלץ, די ניאַנקע פּאַרעט זיך אַרום סאַמאָוואַר.)

ניאַנקע:

וווּהין גייט איר דאָס, איר וואַנדערער, מיט אייערע זעק?

(באַטראַכט מיט ליבע די זעק און די שטריק, וואָס וואַלגערן זיך אויף דער פּאָדלאָגע.)

ניקיטיטש:

וווּהין? מיר וואַנדערן נאָך אייער פּעטראָגראַד, געשיקט פון אונזער דאָרף אַלס שלוחים... סאָוועטן, ראַטן — ס'איז



פול מיט זיי די וועלט... קומט אָבער צו מעשים, איז נישטאָ צו וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן...

ניאַנקע

(דערנענטערט זיך, מיט זאָרג:)

וואָס איז געשען?

וואַסיאַ

(אַנטערדריקט זיין אייפערונג:)

עס האַנדלט זיך וועגן דער ערד... זיי גיבן זי נישט אָפּ... אַפילו אונטער אונזער אויפזיכט ווילן זיי זי נישט אָפּגעבן.

ניאַנקע

(פליעסקעט צונויף די הענט:)

וואָס הייסט זיי גיבן זי נישט?

וואַסיאַ:

נו, פאַרשטייט זיך! מיר האָבן אין דער געמיינדע אויסגעוויילט אַ ריכטיקן ערד־קאָמיטעט, וועלכער זאָל ביז־וואַנען אַכטונג געבן אויפן באָדן... זיי לאָזן אָבער נישט צו — זוכן קריגערייען... דאָ נישט לאַנג האָבן זיי צוויי אונזערע געלאָזט אַרעסטירן...

ניאַנקע:

זיי זענען פון זינען אַראָפּ?

וואַסיאַ:

איר הילט — זאָגן זיי צו אונז — צורויבן די ערד! — הייסט עס דען אָבער גערויבט, ווען מיר ווילן אויך אונזערע פּויערים־נחלות אַריינוואַרפן אין געמיינזאַמען טאָפּ, כדי אַלץ זאָל פאַרטיילט ווערן?

(שטילשווייגן. דער אַלטער וויקלט צונויף אַ פּויערשן פּאַפּיראָס, די ניאַנקע גיסט אָן טיי, באַדינט די געסט.)

וואַסיאַ:

וועגן אַלץ, זאָגן זיי, זאָל אַנטשיידן די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג. די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג אַליין זאָל זיין דער איינציקער בעל־הבית...

ניקיטיטש
מיט א שמייכל:
און וואָס אייגנטלעך זענען מירע בלויז דינער פון
דאָזיקן בעל־הבית? די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג מוז באַ־
שטעטיקן אונזער רצון.

ביאַנקע
באַשעפטיקט ביים טיש:
קוקט מען אויף אייך, ווערט שוין אַלץ קלאָר... ביי אייך
אין דאָרף איז איצט, ווי ס'שיינט, גאַנץ הייס, ווי ס'וואָלט
ברענען...

ניקיטיטש
גלעט זיין באָרד:
דאָס זעסטו, האָסטו גאַנץ ריכטיק געזאָגט... עס ברענט
טאַקע... עס ברענט, אפילו, גאַנץ העל... מען קען זאָגן,
עס פלאַקערט...

ביאַנקע:
אויך אונזער אַלעקסאַנדער איוואַנאָוויטש זאָגט דאָסזעלבע.
שטילשווייגן.

ביאַנקע
מיט א חיכטיקער מינע:
דאָ ביי אונז, ביי אַלעקסאַנדער איוואַנאָוויטש, אמפערט מען
זיך אָפט וועגן דעם — דעמאָלט שרייען זיי ביז הייזעריי־
קייט. צו אונז קומען געסט, וועלכע זאָגן, אַז די מלחמה
דאַרף געפירט ווערן פאַר רוסלאַנד.

ניקיטיטש:
דו זאָגסט רוסלאַנד! רוסלאַנד! וואָס איז רוסלאַנד? דאָס
פאָלק. אָט וואָס רוסלאַנד איז! טאָ צו וואָס־זשע דאַרף
מען עס שחטן? וועלכן נוצן וועט דערפון אַרויסקומען
פאַר רוסלאַנד! שטילשווייגן אונזעראיינער האָט נישט פאַר־
וואָס צו פירן קריג מיטן דייטש, אָדער מיטן טערק...
הילסטו, דייטש, אַרבעטן, קום צו אונז. ערד האָבן מיר
גענוג... נישט פאַר אונז אַליין נעמען מיר זי.



יאַנקע
לענט אָן דעם קאָפּ אויף דער האַנט:
איך גלויב אָבער, ניקיטיטש, אַז קענען די פּריצים העלן
מיר נישט ביישטיין.

ניקיטיטש
ושמורעט צונויף די אויגן פון לאַכן:
שוין זשע נישט? די זעלנער זענען דאָך אונזערע! וואָס,
ניין? פּויערים־זין! און די אַרבעטער? אַזשר נישט אויך
אונזערע, פון דאָרף?...
דער שמועס ווערט ווייטער געפירט.
דער פאָרהאַנג פאַלט

## פינפטע סצענע

עסצימער. שפּעט אין אָוונט. דער טיש איז צוגערוקט צום וואַנט,
עס שטייט אויף אים דער סאַמאָוואַר, פון וועלכן יעדער גיסט
זיך אָן טיי. די שטולן זענען אָן סדר אָנגעשטעלט איבערן גאַנצן
צימער. ווען דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף הערט מען א גע־
לעכטער און גליעבס קול. א חוץ אים געפינען זיך אין צי־
מער: אַכמאַטאָוו, אַלעקסאַנדער, מאַריאַ, יוליע, זאַלאָטאָוו, רעוש,
דערנאָך וויקטאָר.

גליעב
רופן קול:
ס'איז געווען אזא סצענע, אַז כ'האָב זיך געבויגן אין
דרייען פון געלעכטער. שטעלט זיך נאָר פאָר, א געפּאַק־
טער זאַל מיט אָפיצירן, הינטער זיי און פון די זייטן
האָבן זיך אָנגעשטעלט מחנות סאָלדאַטן... פאַר די אָפי־
צירן איז נאָך נישט קלאָר, ווי זיך צו האַלטן, און אַכמאַ־
טאָוו לייגט פאַר זיי אַוועק א דונערנדיקע דרשה וועגן ערד
און פרייהייט, וועגן אַלע זיבן זאַכן. און צום סוף (ער שרייט
פאַר געלעכטער): „דעריבער מוזט איר זיך אַלע איינשטעלן
פאַר קערענסקין, און קאָרנילאָוון עוקר מן השורש זיין,

און בכלל ער צעלאַכט זיך אַזוי, אַז אַלע הערן אָנגעשטעקט. ער ווייזט אָן אויף אַכמאַטאָהן און דערמיט האָט זיך געענדיקט. בראַוואָ-פּאַטשערייען — לויט מיין מיינונג — פון די סאָלדאַטן — און דאַן — אַ שטילשווייגן! שטעלט זיך נאָר פאָר אַ לאַגע: אַ גוואַלטיק־גרויסער ווייסער זאַל, געפּאַקט מיט מענטשן, אַזוי געפּאַקט, אַז די לאָמפּן הערן פלאַטערן פאַרטונקלט. און אַ קבר־שטילקייט — מען שווייגט אין זאַל, מען שווייגט אין פּרעזידיום, איך פיל, אַז כ'פּלאַץ פון געלעכ- טער. און מיטאַמאָל אָטעמען אַלע לייכטער אָפּ. אָן על- טערער אָפיציר שטייט אויף און פרעגט גאַנץ באַשיידן אַכמאַטאָן: וואָס איז אייגנטלעך דער חלוק צווישן קע- רענסקין און קאָרנילאָוון? ער לאַכט, אַכמאַטאָוו וויל רעדן. וואַרט נאָר, וואַרט גאָר אויף. אַכמאַטאָוו שטעלט זיך אויף מיט אַ מינע פון אַ דערצאָרנטן פּרינץ און הייבט אָן צו דערקלערן, מיט וואָס דער ערשטער איז בעסער פאַרן צווייטן. אין זאַל פאַרשטייט קיינער קיין וואָרט נישט. קלאָר — אַכמאַטאָוו האָט גאָר קיין מעגלעכקייט נישט גע- האַט צו דערווייזן; דער אָפיציר האָט געטראָפן אין גינטל.

לאַכט און צינדט אָן די ליולקע.

אַכמאַטאָוו

מיט פאַרדרוס:

איך פאַרשטיי נישט — דאָס איז אונזער אַלעמענס דורכ- פאַל, און זיי לאַכן גאָר. דאָס ווייזט נאָר, אַז מ'מוז יע- נעם בעסער באַווייזן, דאָס קערענסקי...

גליעב

מיט גרימצאָרן:

לאָזט צורו — איר וועט גאָרנישט באַווייזן! קערענסקיס לידל איז אָפּגעזונגען! איר וועט עס נאָך מאָרגן זען.

אַלעקסאַנדער:

יאָ, גאַנץ ריכטיק. היינט האָבן זענען אָנגעקומען גוטע ידיעות. דעם גענעראַלס אַוואַנטורע דערנענטערט זיך צום



סוף — אַלע האָבן אים פאַרלאָזן. אָבער ערשט איצט וועט זיך אויף דער אמתן אָנהייבן.

אַכמאַטאָוו

מיט דערשטוינונג:

איר אַליין האָט דאָך נאָך ערשט היינט גערעדט וועגן אייניקייט! אַז מיר לעבן ווידער איבער דעם חודש מערץ!

אַלעקסאַנדער:

יאָ, איך האָב דאָס אייך געזאָגט, ווייל אַזוי איז עס טאַ- קע געווען. ווי אין מערץ האָבן מיר פלוצלונג דערשפּירט, אַז די סכנה איז געווענדט קעגן דאָס וויכטיקסטע וואָס אין אונז. אַזעלכע סכנות טאָרן זיך אָבער מער נישט איי- בערחזרן... דער איצטיקער רעזשים מוז באַזייטיקט ווערן.

רעוש:

הייסט עס, ווידער קאַמף?

אַלעקסאַנדער:

איר וועט אים סיי ווי נישט אויסמיידן. אָט פאַרלאַנגט מען שוין פון אונז אויפצולייזן דעם רעוואָלוציאָנערן קאָ- מיטעט. קענען מיר דען מסכים זיין אויף דעם? שטילשווייגן קערענסקי...

יוליע:

... איז לויט דיין מיינונג אַ גוסס?

גליעב

שפּעטיש:

שוין לאַנג.

אַלעקסאַנדער:

יאָ, — ער גוססט. צו וואָס זיך תמיד קלאַמערן אָן אַ נאָמען?... קערענסקי — דאָס איז די דראַמע פון אַ מענטשן, אָבער ווען די רעוואָלוציע ווענדט זיך אָפּ פון אַ מענטשן, מאַכט זי אַ טריט פאָרויס.

אַכמאַטאָוו:

יאָ, עס האַנדלט זיך גאָרנישט וועגן אַ געוויסן מענטשן, אָבער הינטער אים שטייען פאַרטייען — מאַסן!

**גליעב**

רײַסט אים שאַרף איבער, זיך אַװעקשטעלנדיק פאַר אַכמאַטאָװן:

ריכטיק, ריכטיק, אין דעם ליגט דער זין פון גאַנצן ענין. ד ע ר ר י ס ג י י ט ד ו ר ך ד ע ר ג אַ נ צ ע ר ל י נ י ע! װער װײס, װו מיר װעלן זיך אין קורצן מיט אײַך צוזאַמענטרעפן. הײַנט זענט איר נאָך אַ חבר — אָבער שױן מאָרגן אפשר אַ הער, אָדער גאָר װינציקער װי דאָס.

גײט אָפּ.

**אַכמאַטאָװ:**

אויך איך זע דאָס פאָרױס.

**מאַריאַ**

אומרויִק:

אָבער פאַרװאָס, זאָגט פאַרװאָס? נאָך הײַנט פרי זענט איר דאָך געװען חבר'יש אײנער צום צװײטן.

**אַלעקסאַנדר**

צוערשט רויִק, אָבער שפּעטער מיט אַלץ אַ גרעסערער באַגײַסטערונג:

אין דעם גײט עס טאַקע, װאָס מיר זענען פאַרשידענע מענטשן. זײ, די מעסיקע, די רויִקע, האָבן געדולד — מיר אָבער קענען דאָס נישט. אַ אינערע קראַפט טרײַבט אונדז פאָרױס. זע, שױן זעקס חדשים דויערט די רעװאָלוציע, און זי האָט נאָך גאָרנישט געשאַפן! דער באָדן איז טיף צעאַקערט. און װאָס װאַקסט אַרױס פון אים? װידער מלחמה — װידער שנאה און װידער בלוט אויף די פעלדער. שױן זעקס חדשים דויערט די דאָזיקע שחיטה, און די. אַ פריי, קענסט עס דולדן? רײַבט זיך מיט דער האַנט דעם שטערן איך װעל קײנמאָל נישט פאַרגעסן אַ סצענע — זאָל איך זי דערצײלן? ער װיל זיך זעצן, אָבער שפּרינגט װידער אויף. ס'איז שױן לאַנג אין דעם — פאַר דער רעװאָלוציע — עמיץ האָט אײנמאָל נישט־דרײסט אָנגעקלאַפּט אין מײַן טיר. ס'איז אַרײַן אַן אָרעם־געקלײדעטער זקן און האָט מיר דערצײלט אַ פּשוטע, זײער פּשוטע געשיכטע.



זײַן נײַנצניאָריקער זון איז אויפן פראָנט באַשולדיקט געװאָרן אין פאַרבינדונגען מיטן שונא און איז פאַרמשפּט געװאָרן צו תּפיסה. אים, דעם פאָטער, האָט מען גאָרנישט מודיע געװען. ערשט אין אַ צײַט אַרום האָט ער זיך דורכן דאָקטאָר פון אַ משוגעים־אַנשטאַלט דערװוּסט, אַז זײַן זון האָט זיך נאָך דער פאַרמשפּטונג אַרױסגעװיזן פאַר קראַנק און געפינט זיך אין תּפיסה־שפּיטאָל. דער אַלטער האָט זיך געלאָזט אין װעג אַרײַן פאַר זײַנע לעצטע פּאָר גראָשן. אונטערװעגס האָט ער נאָכגעדאַכט און געקומען אויפן געדאַנק: אויב מײַן זון איז איצט משוגע, איז דאָך מעגלעך, אַז ער איז פון תּמיד אָן קראַנק געװען. מיט דער דאָזיקער פראַגע איז ער געקומען צו מיר. אָבער דאָס איז נישט װיכטיק. דערנאָך האָט ער מיר געבעטן, איך זאָל אים באַגלײטן צו זײַן זון. מיר זענען אַװעקגעפאָרן צו אים. ער שרײַט אין גרויס אויפרעגונג. — װען מ'האָט דעם זון אַרױסגעפירט צום פאָטער, האָט זיך דער בחור לאַנג אַרומגעקוקט — ערגיץ אַרױסגעבליקט דורכן פענסטער. דער אַלטער איז געװען אויסער זיך — פאַרשטײנערט פון װײטאָק. מען האָט זײ געזעצט בײַ אַ טיש און אָן אַן אויפהער האָבן זײ זיך בײדע אָנגעקוקט, נישט פאַרשטײענדיק, חלוטין גאָרנישט. בײַ דער זײַט איז געשטאַנען די קראַנקן־שװעסטער, איבער זײ בײדע האָט ערגעץ־װו געשטשירעט זײַן גהינומשן מויל דער טײַװל. און זײ בײדע זענען געװען װי קלײנע, נישטיקע קרישקעלעך אין מויל פון דאָזיקן קריג. איך האָב אָפּגעקערט מײַן פּנים — כ'האָב נישט געקענט אויסהאַלטן דעם צער פון דאָזיקן שטומען בליק. אַ גאַנצע אײביקײט איז, דוכט זיך, פאַרבײַ, און פּלוצלונג האָב איך דערהערט אַ שאַרפן געשרײ. כ'האָב זיך אומגעדרײט און דערזען, װי אַ לאַװע פון פײַערדיקע, ביטערע טרערן האָט אַ גאָס געטאָן פונם זונס אויגן. דער אַלטער איז זיך פאַרגאַנגען — ער האָט זיך אײַנגעקראַמפּט אינם זונס הענט און בלויז געקענט הילפלאָז שעפּטשען:

די מאַמע לאָזט דיך גריסן! די מאַמע לאָזט דיך גריסן!

*אין צימער הערשט שטילשווייגן.*

**אַלעקסאַנדר**

*מיט צאָרן:*

די גאַנצע וועלט וועלן מיר צעברעכן אויף שטיקער — זאָל זי דער רוח כאַפּן—אויב אנדערש קען מען נישט ביי־קומען דעם אומגליק! מ׳קען אים אָבער בייקומען, ווייל מיר זענען ביי היינטיקן־טאָג אַ מאַכט — אָבער מיר גופא האָבן זיך אין משך פון זעקס חדשים אָפּגעשוואַכט.

**אַכמאַטאָוו:**

וואָס־זשע ווילט איר טאָן?

**זאָלאָטאָוו**

*לאַנגזאַם, געדאַנקנפול:*

איך זע עס קלאָר — דאָס פאָלק זאָל זיך אַליין רעגירן. ווען דער פויער, דער פּשוטער פויער פון דאָרף, וועט זיצן אין דער רעגירונג, וועט ער דער וועלט שענקען דעם שלום, אים וועלן אַ״ע טרויען; מיט זיינע קאָטשע־רעס וועט ער זיך קענען בעסער פאַרשטענדיקן, ווי מיט דער פראַנצויזישער שפּראַך.

**אַלעקסאַנדר**

*מיט באַגייסטערונג:*

אָט דאָס איז דאָס טאַקע: מיר וועלן נישט נאָר שליסן שלום, נאָר מיר וועלן צוריקגעבן דער וועלט די גערעכ־טיקייט. צי קענט איר דאָס פאַרשטיין? די פּשוטסטע, בכּבודיקסטע גערעכטיקייט. קורץ און גוט, דאָס וואָס מען רופט אָן „די איינפאַכע געזעצן פון אמת און גערעכטי־קייט״. די דאָזיקע געזעצן זענען פאַרגוואַלדיקט, צעטרעטן דורך דער מלחמה. אונזער רעוואָלוציע וועט זיי ווידער אויפריכטן, אָבער אויפריכטן זיי פאַר אַלע און אין אַלע־מען. איך ווייס נאָר איינס: היינט איז געשטאָרבן די צע־טרייסלטע, די פאַלשע, די שמוציקע וועלט. זי איז נישט בכּח געווען צו פאַרענדיקן די שחיטה... מיר קענען נישט דער־



לאָזן, אַז נאָכן דאָזיקן קריג זאָלן די מענטשן לעבן ווי פריער. וואָס קאָן העלפן קערענסקיס אַראָפּזעצונג? דאָס פאָלק אַליין דאַרף הערשן!

**אַכמאַטאָוו:**

זענען אָבער דאָ פאַר דעם די באַדינגונגען?

**אַלעקסאַנדר**

*גיט אַ מאַך מיט דער האַנט:*

לאָזט שוין צו רו — איר ווילט אויך „זען דעם הימל אין דימענטן״, אָבער ערשט נאָך דריי־הונדערט יאָר. און די דאָזיקע זינלאָזע צוגעפּגלידערונג פון תּערטער רופט מען נאָך אָן וויסנשאַפט. דער אידעאַל מוז פאַרווירקלעכט ווערן נאָך ביי מיין לעבן, ביים לעבן פון מיינע קינדער, אין מיין דור נאָך.

**יוליע:**

דאָס איז דאָך אָבער אַן אוטאָפּיע!

**אַלעקסאַנדר**

*שאַרף:*

וואָס איז אַן אוטאָפּיע?

**יוליע**

*נישט זיכער:*

נו... צו וועלן אַלץ אויף איינמאָל..

**אַלעקסאַנדר:**

וואָס הייסט אַן אוטאָפּיע? וואָס הייסט? פאַר אַ רעוואָ־לוציע איז נאָר נויטיק די גרויסע פּיין פון דער מענטש־הייט און דער שטאַרקער ווילן די דאָזיקע פּיין צו באַ־זייטיקן. צער און צאָרן! צי דען זענען זיי היינט דאָ ווייניק אויף דער וועלט? *טרוימעריש פאַרזונקען אין זכרונות.* ווי אָפט האָבן מיר אין שטילער פאַרבאָרגנקייט געטרוימט פון דאָזיקן שטורעם — און אָט איז ער דאָ. פאַרוואָס־זשע שרעקט איר זיך פאַר אים? אונטער זיין ווילדן אָטעם ווייעט דער פרילינג — דער ווירקלעכער, פרוכטבערנגנדיקער פרילינג — טאָ באַגעגנט זשע אים מיט אַנטבלויזטע קעפּ...

**אכמאַטאָוו**

בייז, געשפּאַנט:

אַלזאָ, אַלדאָס פּריצרדיקע, די מערך־רעוואָלוציע שיקן צו אַלדי רוחות? עמיץ קומט און לאָזט אַרויס אויף דער פריי די חיה?

**אלעקסאַנדר:**

וואָס פאַרא חיה? צי שעמט איר זיך נישט? דער געוויסן פון די ליידנדיקע מיליאָנען חיינט נאָך גערעכטיקייט. קודם־כל מוז מען אויסשמידן דעם געוויסן — מיר וועלן באַלד האָבן צו טאָן מיטן געוויסן פון קעמפער, נישט פון קלאָג־מוטערס. פאַרוואָס רעדט איר תמיד פון מערך? די מערך־בלעטער וועלקן — פאַלן — אַ געלער טעפּיך שפּרייט זיך אויס איבער דער ערד — איז דען דעריבער דער בוים פאַרוועלקט?

**אכמאַטאָוו**

כייז:

פוסטע דבורים — ס'וועט גאָרנישט אַרויסקומען. איר וועט קיין מענטשן נישט האָבן.

**גליעב**

שפּרינגט אויף פון אָרט און לויפט צו צו אים:

אָבער א י ר האָט מענטשן! הא? האָט איר שוין פאַר־געסן דעם לעצטן אָנגריף פון אונזער אַרמעע?

אַ פּיינלעך געשפּאַנטע שטימונג

**מאַריאַ**

לויפט צו מיט רחנונים:

קריגט זיך נישט — דאָס טאָר מען נישט, אַכמאַטאָוו פאַר־שטייט אויך.

**גליעב:**

ער פאַרשטייט גאָרנישט. קאָרנילאָוון האָבן זיי געשאָסן.

**אכמאַטאָוו**

שמערצ:

אומדערהערט!



**אַלעקסאַנדר**

קוקט זיך רויק צו צו דער סצענע:

מענטשן וועלן זיך שוין געפינען—מ'דאַרף קיין גאָט נישט אויף צו מאַכן אַן ערדענעם טאָפּ.

עס קלינגט

**חיקטאָר**

קומט אין חינטערמאַנטל, צעהיצט. חענדעט זיך צו אַלע:

דאָרט איז שוין אַלץ אין אָרדנונג. מען לאַדט אונז אויף אַ קאָנגרעס — תיכף — צו באַהאַנדלען די לאַגע.

אַלעקסאַנדר, גליעב, זאַלאָטאָוו שמייכלען.

**חיקטאָר:**

וואָס קומט דאָ פאָר? כ'פאַרשטיי נישט — וואָס איז מיט אייך דער מער?

**אַלעקסאַנדר:**

אַ נייע באַראַטונג וועט נישט העלפן — מערץ וועט זיך שוין נישט צוריקקערן.

**רעוש**

שטיל צו יוליע:

ווי די געפער זענען זיי...

די שטימונג איז צעשטערט. די געזעלשאַפט נעמט זיך פאַנאַנ־דערגיין, מען דריקט זיך שטילשווייגנדיק די הענט און מען גייט אוועק. יוליע פאַרלעשט אַ פּאָר לאָמפּן און גייט אוועק. אין צי־מער ווערט האַלב־טונקל. מען הערט ווי אין נעבנצימער שלאָגט דער זייגער צוועלף.

## זעקסטע סצענע

**מאַריאַ**

אויפגערעגט, רוימט אָפּ מיט אַ שטילן גערודער פון טיש

**אַלעקסאַנדר**

זיצט אויפן דיוואַן, קוקט לאַנג אויף מאַריאַן און רופט שטיל:

מאַרוסיאַ — זעץ זיך נעבן מיר. מאַריאַ זעצט זיך נעבן אים שחייגנדיק

אַלעקסאַנדער:

פֿאַרוואָס שווייגסטו?

מאַריאַ:

איך שרעק זיך, סאשא, איך האָב היינט געזען נישט קיין חברים, נאָר שונאים. צי דען וועט דערצו דערגיין? ווי־דער ליידן — אפשר בלוט אויך?

אַלעקסאַנדער

פֿאַרזונקען אין געדאַנקען:

יאָ, אונזערע וועגן קענען זיך פֿאַנאַנדערגיין, אָבער באַ־רעכן זיך נאָר אין וואַסער וויכטיקן פּונקט. מאַכט אַן אָנ־שטרענגונג זיך עפּעס צו דערמאָנען. אָך, ס'אַראַ וויזיט איך האָב דאָס היינט געהאַט.

מאַריאַ

אויפֿגעלעבט:

וועמען?

אַלעקסאַנדער:

צוואָס טראַכטן וועגן דעם?

מאַריאַ

שטיל ווי פֿאַר זיך אַליין:

ווי באַנג מיר װערט אָפּטמאָל. היינט, בעת אייער קריי־געריי, האָב איך פּלוצלונג דערזען אַ בלוטיקן בליק; איך וועל דאָס נישט אויסהאַלטן —

אַלעקסאַנדער

מיט באַגייסטערונג

מיר וועלן שטייגן באַרג־אַרויף...

מאַריאַ:

און וואָס איז דאָרט אויבן? און װען ס'וועט זיך אָנהייבן דער באַרג־אַראָפּ? וועסטו אים קענען באַהערשן? דו גע־דענקסט, מ'האָט געזאָגט, אַז פֿאַר דער רעוואָלוציע דאַרף



מען אָנטאָן אַ ריין העמד, ווי פֿאַרן טויט. װעט דאָס דאָזיקע העמד בלייבן ריין?

אַלעקסאַנדער

מיט אַ זיכערער שטים:

אָבער זיכער! טראַכט נישט איבער וועגן דעם! ס'מוז גע־שען!! בויגט זיך צערטלעך איבער איר האַנט. עס װערט טונקל.

דער פֿאָרהאַנג פֿאַלט.

---

# צווייטער אקט

פעטראָגראַד. דעצעמבער 1917.

## ערשטע סצענע

אַ באַשיידענער אויפנאַם-צימער. אינדערמיט אַ גרויסער טיש, אין ווינקל אַ קליינער שרייב-טיש. העל באַלויכטן. אַ דיוואַן, אַ וואַנט-זייגער, אַ גרויסער שפּיגל. אַ באַלקאָן צום גאַס. פון דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף הערט מען אַן אויפגעלעבטן שמועס. די מוטער, מאַריאַ און יוליע אונטערהאַלטן זיך אויפגערעגט.

**מאַריאַ**

קוקט מיט אומרו אויפן זייגער:

ווו איז ער דאָס פאַרפאַלן געוואָרן אויף אַזוי לאַנג? ווי־דער פאַרשפּעטיקט?

**יוליע:**

יאָ, דעריבער זענען מיר אים נישט געפאָרן אַפּוואָרטן. ער וועט זיכער האָבן אַ סך צו דערציילן.

**מוטער**

מיט אַ זיפץ:

דערציילן וועט ער שוין, אָבער מיר איז אַזוי באַנג פאַר אים — ער פליט צו הויך... שטילשווייגן די טעג האָב איך אָנגעטראָפן סאָריבאָוון; האָט ער געזאָגט צו מיר מיט אַזאַ גיפטיקן שמייכל: „איינגיכן וועט אייער סאַשאַ שוין ווערן



מיניסטער!" כ'האָב בלויז געקוקט אויף אים מיט אויפגע־ריסענע אויגן. ער אָבער האָט מיר ווייטער געזאָגט: „וואָס איז שוין הײַנט ווייניקער פאַר אַ מיניסטער..."

אויפן גאַס איז אַ טומל. אַלע וואַרפן זיך צום פענסטער און קערן זיך תיכף אום צוריק.

**מוטער:**

ווו אייגנטלעך קען ער דאָס זיין?

פון פאָדער-הויז הערט זיך אַ קלונג. אַלע לויפן דאָרט אַרײַן, מ'הערט קושן, שפּאַסערײַען. אַלעקסאַנדר קומט אַרײַן אין צימער. ער האַלט די פּרויען בײַ די הענט. ער איז פאַרשנייט. ער פירט דורך זיין בליק נאָך דער ריי נאָך איבער אַלע דרײַ, זיין אויג בלייבט רוען אויף מאַריאַן.

**אַלעקסאַנדר**

גוט געשטימט:

איצט שטעלט אָן מויל און אויערן, איך מוז אייך דער־ציילן אַ גאַנצן באַרג נײַעסן, דערציילן — דערציילן — דערציילן! איך בין איצט אַזוי צו זאָגן ביים מקור! איך מוז אָבער...

**יוליע:**

אָבער אום גאָטעס ווילן, טו אויס דעם מאַנטל. עס זעט אויס, ווי דו וואָלסט שוין ווידער וועלן אַוועקלויפן.

**אַלעקסאַנדר:**

אַוועקלויפן — דאָס נישט, אָבער איצט הייבט זיך אָן אַ נײַער קאַפּיטל. יאָ, ווי איז אייך עפּעס אינצווישן געגאַנגען?

**יוליע:**

נו, איצט וועסטו אונז שוין מיט קיין זאַך נישט איבער־ראַשן, נאָכדעם וואָס מיר האָבן דאָ איבערגעלעבט. שטעל זיך נאָר פאָר: גאַנצע זעקס טעג נאָכאַנאַנד האָט מען פון ביידע זייטן געשאָסן מיט אַרטילעריע. ס'איז אַ סך טויטע און פאַרווונדעטע עס זענען דאָ געווען.

**אַלעקסאַנדר:**

כ'האָב געהאַט אַזוי פיל עגמת־נפש וועגן אייך. צי דען

זענט איר אָבער גאָרנישט געווען אויפגעבראַכט אויף דער דאָזיקער שיסעריי?

יוליע:

ניין, מיר האָבן פשוט איינגעזען, אַז אַנדערש קען נישט זיין. *חייוט אָן אויף מאַריאַן.* זי האָט מוראדיק געליטן. זי האָט געהאַט מיטלייד מיט ביידע צדדים. אָבער סאַראַ בילד דאָס איז געווען! דאָס אומאויפהערלעכע קראַכן פון האַר־מאַטן, זעלנער־פּאַטרולן, וואָס האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט איבער די גאַסן ווי ווילדע רוחות–דאָס איז טאַקע געווען אַ פאָלקס־אויפשטאַנד!

מאַריאַ

*רערשטוינט:*

און ווי מערקווירדיק דאָס איז אַלץ! זייט ביי זייט מיט דער שיסעריי און די פּאַטרולן איז זיך דער אינדערהאַכן נעגאַנגען רויק זיין וועג. אַלע האָבן ביי אונז פאַרלוירן דעם קאָפּ. און איך האָב אַריינגענומען די לייטשעס אין מיין האַנט. מ׳האָט דאָך געמוזט גיין איינקויפן. האָב איך געזען ווי די גאַס האָט געלעבט מיט אַ דאָפּלט לעבן: דאָ קאַמף – דאָרט דאָס טאָג־טעגלעכע.

*שטילשווייגן*

מאַריאַ:

איך וואָלט דאָס אַלץ געהאַט פאַרגעסן, ווען עס זאָלן איצט ווידער נישט קומען פון אויבן גייע געוואַלדטאַטן. יעדן טאָג הערט מען...

אַלעקסאַנדר:

כ׳וויל אייך עפּעס דערציילן: הערט אויס מיט קאָפּ. מ׳האָט מיר פאָרגעלייגט צו ווערן קאָמיסאַר.

מאַריאַ

*אויפגערעגט:*

וואָס הייסט? קאָמיסאַר גאָר?

אַלעקסאַנדר:

גאַנץ פשוט – קאָמיסאַר!



מאַריאַ

*הײַסטיק:*

און דו האָסט זיך, נאַטירלעך, אָפּגעזאָגט?

אַלעקסאַנדר:

פאַרוואָס עפּעס? כ׳האָב זיך נישט געקענט אָפּזאָגן סתם אַזוי, אָן אַ גרונט. מ׳מוז דאָך אָנגעבן אַ גרונט. אַלע טראָגן מיר דאָך איצט די אחריות.

יוליע

*פאַרטראַכט:*

און וואָסערע מעלות באַרעכטיקן דיר אָנצונעמען אַזאַ אַר־בעט?

אַלעקסאַנדר:

אָט דאָס איז צו דער זאַך! אויך איך שטעל זיך די זעל־בע פראַגע. טאַקע, וואָסערע מעלות האָב איך דערצו? אייגנטלעך קיינע. *שטילשווייגן.* ווען מ׳באַטראַכט זיך אָבער, אַז קיין אַנדערע מענטשן זענען נישטאָ און אַז מיר האָבן צוגעזאָגט דעם פאָלק צו קעמפן, קען מען זיך נישט אָפּ־זאָגן... און חוץ דעם, רעגירן הייגט נישט קיין פערזאָנען, נאָר – מאַסן. דער אָרט פון די באַאַמטע וועלן ביי אונז פאַרנעמען די סאָוועטן. *מאַריאַ זיצט אַ נידערגעשלאָגענע.* אָבער טייערע, צי קען מען דען איצט שטיין אָן אַ זייט, איצט, ווען מ׳איז צוגעטרעטן צו אַזאַ אַרבעט? כ׳וועל אייך ביי־דע אויך צוציען צו איר... די אינטעליגענץ פאַרלאָזט אונז.

מאַריאַ:

אָבער פאַרוואָס דווקא אַ קאָמיסאַר? איז דען נישטאָ קיין קלענערע פּאָסטנס?

יוליע:

אָבער, מארוסיאַ, דאָס איז דאָך שוין אַלץ איינס; אויב מ׳אַרבעט שוין מיט, איז קיין חלוק נישט – ווו! אפילו אַלס קאָמיסאַר קען מען אויך...

מאריא:

אָבער דו אַליין וועסט מוזן באַגיין גוואַלדטאַטן — פאַר-פאָלגן מענטשן.

אלעקסאנדר:

ניין, אויך אין דער דאָזיקער הינזיכט וועל איך אויסאיבן מיין השפעה... איך וועל בכח זיין צו מילדערן צו גרוי-סע שטראָפן...

שטילשווייגן.

מאריא:

האַלב אין שפאַס, האַלב טרויעריק:

נו, איך מערק אין דיין שטימע, אַז פאַר דיר איז שוין אַלץ באַשלאָסן, זאָג זשע, וואָס האָסטו געענטפערט דיינע חברים?

אלעקסאנדר

אייגנטלעך, האָב איך שוין געגעבן מיין הסכמה...

מאריא:

אַט האָסטו דיר! הייסט עס, אַז דו האָסט זיך גאָר מיט אונז נישט געהאַלטן קיין עצה! תמיד אַזוי...

אלעקסאנדר:

ניין, אַזוי איז עס נישט... איך האָב צוזאַמען מיט איין פון ס'ניי באַשלאָסן! איך ווייס גאַנץ גוט, ס'אַרט מיך לייב אָן אויף זיך — און אויך אויף אייך.

מאריא:

נו, אָן עק, באַשלאָסן איז באַשלאָסן. איך קען דיר עס נישט דערקלערן, אָבער איך פיל, אַז דו באַגייסט אַ פעלער.

אלעקסאנדר

ערנסט:

דו האָסט אַ טעות. איך האָב באַשלאָסן אויפצושרייבן פאַר אייך אַ פראָגראַם, — אַ וידוי אין אַוואַנס, אַזוי צו זאָגן, — ווי אַזוי איך האָב בדעה צו אַרבעטן. לויט דעם דאָזיקן פראָגראַם וועט איר מיך קענען קאָנטראָלירן.

מאריא

געמט אים אָן מיט אַ זיפץ ביי דער האַנט:

נו, ס'איז שוין רעכט. לאַכט. איך וויל האָפן, אַז כּל־זמן דו ביסט נאָך נישט קאָמיסאַר, קען מען ריידן מיט דיר מענטשלעך: מיר וועלן איצט גיין טרינקען טיי, הער קאָ־מיסאַר. זיי גייען אין צווייטן צימער.

## צווייטע סצענע

אין אַ וואָך אַרום.

אַ מיניסטערצימער, רעפּרעזענטאַבל, כאָטש מעבלירט אין באַ-אַמטן־סטיל. טעפּיכער, אַ גרויסער דיפּלאָמאַטן־שרייבטיש, פול באַ-לאָדן מיט אַקטן און ביכער. אין אַ ווייסן צימער־ווינקל שטייט אַ צענויפגעוויקלטע רויטע פאָן מיט גאָלדענע אותיות. אויף די פענסטער הענגען שווערע צאַרטיערן. אויבן טיש אַ טעלעפאָן און אַ גלעקל. ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף הערט מען אַ קורצן, שאַרפן קלונג.

אלעקסאנדר

קומט אַרויס פון דער אינעווייניקסטער טיר מיט אַ גרויסן פּאָרטפעל אונטערן אָרעם. אויף זיין געזיכט פאַלט דער שאָטן פון סימן, גמעט שטרענגן ערנסט. ער איז אָנגעטאָן ווי פריער. ער גייט צו צום טיש, זעצט זיך שוואַך און קלינגט אין גלעקל.

דורך דער טיר, וואָס פירט פון דרויסן, קומט אַריין אַ מאַטראָס מיט אַ ווינט־פאַרברענטן געזיכט; אַלעקסאַנדערס סעקרעטאַר.

מאטראָס

דריקנדיק אַלעקסאַנדערן די האַנט:

גוטמאָרגן, חבר!

אלעקסאנדר:

גוט מאָרגן. נעכטן ביינאַכט האָט זיך די זיצונג נישקשהדיק שפּעט פאַרענדיקט. ווי עס שיינט, האָב איך זיך פאַרשפּע-טיקט. עס וואַרטן אַ סך?

מאטראָס:

אויסערגעוויינלעך פיל. מיט יעדן טאָג אַלץ מער! מ'טוט זיך קיים אַרום...

אלעקסאנדר:
חבר, איר האָט מיר צוגעזאָגט צו רעדן פריער מיט די
בקשה-ברענגער. ווער איז דער ערשטער?
מאטראָס:
דער חבר בעליאָף וואַרט אויף אייך שוין העכער א האלבע
שעה מיט אן עקסטרענעם באַריכט. זאָל איך אים אריינלאָזן?
אלעקסאנדר:
געוויס.

מאטראָס אָפּ.

אלעקסאנדר
קוקט אריין אין די אַקטן.
בעליאָף
מיט אן ענערגישן גאַנג, אין א אוניפאָרם, מיט א טעקע אין האַנט. ער באַ־
גריסט אלעקסאנדערן, זעצט זיך נעבן אים און בויגט זיך צראָפּ געהיימניספול:
אַלזאָ, דער ענין, וועגן וועלכן איך האָב אייך דערציילט,
צעוואַקסט זיך אַלץ מער און מער. עס איז שוין אַוועק א
סך ווייטער, ווי איך האָב גערעכנט. צוערשט האָט זיך עס
געפירט אונטער דער מאַסקע פון אן אַרבעטער־קאָאָפּעראַ־
טיוו. איצט האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז...
אלעקסאנדר:
נ—יאָ, דער ענין איז ווייטער נישט־קלאָר. האָט איר אויף
עמיצן א חשד?
בעליאָף
שיסט אַרויס:
און נאָך ווי! אָט וועגן דעם גייט עס דאָך טאַקע. די
פעדים האָבן דערפירט צו אַזאַ מין אָרט —
אלעקסאנדר:
חבר בעליאָף, רעדט, כ'בעט אייך, קלאָרע דבורים.
בעליאָף
שטיל:
ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אויך זיי האָבן א יד
אין דעם...



אלעקסאנדר:
וועלכע זיי?
בעליאָף:
ווער דען, אויב נישט אונזערע פיל־באַרימטע סאָציאַליסטן? —
אלעקסאנדר
שפּאַרט זיך אָן אין הענטל פון שטול, קוקט אויף אים מיט שפּאַנונג:
זענען דאָ באַווייזן? בריוו, אַקטן, מאַנוסקריפּטן? האָט איר
דאָס מיט זיך?
בעליאָף:
יאָ. איך האָב זיי ביי זיך. כ'וועל זיי אייך גלייך ווייזן.
נישטערט אין דער טעקע, שלעפּט אַרויס א פּאַפּיר און ווייזט עס אַלעקסאַנדערן.
אלעקסאנדר
ליינט געשפּאַנט מיט א געבויגענעם קאָפּ. זיין געזיכט פאַרליערט אָפּ זיין אויסדרוק:
יאָ, יאָ שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אויף דער האַנט, פּויקט אויפן טיש מיט די
פינגער: יאָ, יאָ שאַרף: אַלע מוזן אַרעסטירט ווערן. נישטאָ
קיין אַנדער אויסוועג...
בעליאָף
דערשטוינט:
אויך ער, אייער און אונזער אַלטער לערער? אַזאַ
טומל דאָס וועט אַרויסרופן...
אלעקסאנדר:
וואַרט א רגע!
שטייט אויף און גייט אויסנערענס אַהין און אַהער דורכן גאַנצן
צימער. בעליאָף קוקט אים נאָך שמייכלדיק מיט די אויגן. אַלעק־
סאַנדער גייט צו צום פענסטער — שטעקט אַרויס דעם קאָפּ. די
טיר עפנט זיך און ס'קומט אַריין דער מאַטראָס וואַקלדיק אין
האַנט א וויזיט־קאַרטל.
אלעקסאנדר
קערט זיך אום צו אים מיט א לייכטער באַוועגונג, קוקט אויף דער קאַרטע,
נישט בעמערנדיק זי אין האַנט, און זאָגט.
שפּעטער... שפּעטער!

מאַטראָס אָפּ.

**אלעקסאַנדר**

גייט אַהין און אַהער, מאַכט אויף איין מאָמענט דעם פּרוט צוצוגיין צו גאַליאַפן און איז ווייטער ממשיך זיין האַנדלען. ענדלעך גייט ער צו האַסטיק צום טיש, לייענט נאָכאַמאָל איילעך איבער דעם דאָקומענט און זאָגט מיט אַ פאַרשטיקטער שטימע:

יאָ, איך אַרעסטיר אייך אים. די סאָוועטן וועלן נישט מורא האָבן אָנצוריירן אַמאָליקע הייליקטימער... האָט איר מיט זיך אָרדערס?

**גאַליאַף**

דערלאַנגט אים אַ פּעקל אָרדערס. אַלעקסאַנדר שרייבט זיי אַלע האַסטיק אונטער, פאַרן לעצטן האַלט ער זיך אויף אַ רגע מיט דער פעדער אין דער האַנט. אָבער ער חתמעט אונטער אויך דעם דאָזיקן.

**גאַליאַף**

שטייט אויף.

**אלעקסאַנדר**

דריקט צונויף דעם לינקן גריטס:

מיר זענען עס געצוווּנגען צו טאָן... מיר וועלן די מרידה אויסרייסן מיטן וואָרצל... און איצט, חבר, האַנדלט אָנט־שלאָסן! די. וועלכע וועלן זיין קענען שיקט זיי צו מיר.

זיי דריקן זיך גוטע די הענט. גאַליאַף אָפּ.

**אלעקסאַנדר:**

בלייבט זיצן בייםן טיש, יעם קאָפּ פאַרשפאַרט אין דער האַנט, רעדט שטיל ווי פאַר זיך אַליין:

איצט הייבט זיך עס אָן.

גלייכט זיך ענערגיש אויס, פירט דורך די האַנט איבערן שטערן און קלינגט אין גלעקל.

דער אַדיוטאַנט קומט אַריין

**אלעקסאַנדר:**

לאָזט אַריין דעם ערשטן.

זיין פּנים באַרויקט זיך, ער וואַרט.



**יונגע פרוי**

עלעגאַנט אָנגעטאָן, בלאַס, באַהערשט איר אויפרעגונג.

**אלעקסאַנדר**

שטייט אויף און בעט איר מיט אַ האַנט־באַוועגונג זיך זעצן

**יונגע פרוי:**

איך בין אַזוי שטאַרק אויפגערעגט — כ'וואָלט קיינמאָל נישט געגלויבט, אַז מ'זאָל דאַרפן בעטן ביי אַ סאָציאַ־ליסט פאַר אַ סאָציאַליסט.

**אלעקסאַנדר**

מיט אַ געשעפט־טאָן:

איר זענט זיך טועה, בירגערין. דאָס איז שוין איינמאָל פאָרגעקומען, מיט אַ פּאָר חדשים צוריק... אין קערענסקיס צייטן. אָבער דעמאָלט זענען געזעסן אונזערע חברים.

**יונגע פרוי**

אויפגעלעבט:

אָבער אייערע חברים האָבן געליטן אונטערן דרוק פון דער בורזשואַזיע...

**אלעקסאַנדר:**

נאָך ערגער פאַר אייך. וואָס האָט אייך געבראַכט צו מיר?

**יונגע פרוי:**

איך בעט צו באַפרייען ליכאַטשאָוון.

**אלעקסאַנדר:**

אויסגעשלאָסן! ליכאַטשאָוו פירט קעגן אונז אַן אָפענעם קאַמף. ער איז אַ געפערלעכער מענטש.

**יונגע פרוי:**

צי דען דאַרף מען אָבער נקמה־נעמען פון אַ רעוואָלוציאָנער?

**אלעקסאַנדר:**

אַנטשולדיקט — וועגן נקמה קען גאָר קיין רייד נישט זיין. די סאָוועט־רעפּובליק ווייסט נישט פון קיין נקמה־געפילן — זי ווייס נאָר פון רעוואָלוציע־באַפעלן. די רע־פּובליק גיט אָפּ ליכאַטשאָוון כבוד — זי האַלט אים הינ־

טערן שלאָס, ווייל זי באַטראַכט אים פאַר געפערלעך, פאַ
אַ קעמפער...

יונגע פרוי:

איר וועט אים דאָך אָבער נישט איבעראַנדערשן הינטערן שלאָס! איר ווייסט דאָך, ער האָט אין זיין לעבן נישט ווינציק דורכגעמאַכט...

אַלעקסאַנדר:

ווער ווייסט? ווער ווייסט? אפשר וועט ער ווייט פון קאַמף־פלאַץ קאַלט־בלוטיקער באַאורטיילן די לאַגע... ער וועט איינזען, אַז ער קעמפט איצט קעגן פאָלק.

שווייגן.

אַלעקסאַנדר:

און חוצדעם וועט ער נישט אָפקילן די מאַסן — ער וועט זיי נישט פאַרדאַרבן דורך זיין אומגלויבן...

יונגע פרוי

מיט חווק:

הייסט עס, איר האָט מורא פאַר אים? און גלייכצייטיק רעדט איר וועגן דער הערשאַפט פון פאָלק?

אלעקסאַנדר

מיט געהויבענער שטים:

איך האָב אייך שוין געזאָגט, מיר אַכטן אים, מיר באַ־דויערן, וואָס ער גייט נישט מיט אונז, אָבער דאָס פאָלק האָט קיין מורא נישט פאַר אים, דאָס פאָלק האָט פאַר קיין זאַך קיין מורא נישט, אחוץ פאַר זיין אייגענער שוואַכקייט. אין דעם פונקט וועלן מיר נישט גיין אויף קיין שום הנחות.

יונגע פרוי:

ווי אכזריותדיק איר זענט!

אלעקסאַנדר

שלאָגט צאָרנדיק מיט דער האַנט אויפן טיש:

דאָס איז נישט קיין אכזריות — דאָס איז בלויז גערעכ־טיקייט! שטייט אויף איך ווייס נישט וועגן אייער שייכות



צו ליכאַטשאָוו; אָבער אויב איר באַזוכט אים אין תפיסה, טאָ זאָגט אים, ער זאָל ברענגען דעם קאָפּ פאַרן פאָלק! דאָס פאָלק קען נישט זיין אומגערעכט...

די יונגע פרוי שטייט אויף, גייט אַוועק מיט אַ פאַרנייגונג, נישט דערלאַנגענדיק די האַנט

אַלעקסאַנדר

קלינגט, וואַרט.

יונגעס מיידל

קומט אַריין מיט דערשראָקענע אויגן. אַרום געקליידט. בלייבט שטיין דערשראָקן ביי דער טיר

אלעקסאַנדר

ביסט איר געקומען און בעט זי צוגיין נענטער

אַלעקסאַנדר

מיט אַ פריינטלעכן שמייכל:

זשעניר זיך נישט, בירגערין! מיט וואָס קען איך אייך דינען?

דאָס מיידל:

איך קום בעטן פאַר מיין חתן.

אַלעקסאַנדר:

וואָס איז מיט אים געשען?

מיידל:

ער זיצט—פון אָנהייב רעוואָלוציע - פון אָנהייב דער צווייטער רעוואָלוציע — און מען באַשולדיקט אים אין עפּעס אַזוינס, וואָס איך פאַרשטיי נישט.

אַלעקסאַנדר:

און וואָס אַ שטייגער?

מיידל:

מיין גאָט, ער איז אַ באַאַמטער — און — ער האָט נישט געוואָלט אַרבעטן צוזאַמען מיט אייערע לייט — האָבן זיי אים איינגעזעצט.

אַלעקסאַנדר:

און איצט? וויל ער שוין אַרבעטן מיט אונז צוזאַמען?

מיידל

קוש: מיט די פלייצעס.

אלעקסאנדר:

איר ווייסט עס נישט? איר באזוכט אים אין תפיסה? קענט איר אים דאך פרעגן!

מיידל:

יאָ, ער זאָגט, אַז מ׳פאָדערט פון אים עפּעס אַ דערקלער־רונג, וועלכע ער וויל נישט אָפּגעבן...

אלעקסאנדר:

נו, אָט דאָס איז דאָך די זאַך! ער זיצט נישט, הייסט עס, אָן אַ סיבה. חייך. פרוּווט אים דערקלערן, אַז אונז, דער פאָלקס־רעגירונג, טאָר מען נישט אָפּזאָגן אין קיין זאַך, און וואָס מ׳פאָדערט נישט אָפּזאָגן דער צאַריסטישער רעגירונג.

מיידל

שווייגט.

אלעקסאנדר:

דערקלערט אים דאָס — ס׳איז דאָך אַזוי פּשוט!

מיידל

גאַיך:

איך? אים דערקלערן? אויסגעשלאָסן! ער איז אַ סך קלי־גער פאַר מיר.

אלעקסאנדר

שמייכלט.

מיידל:

איך ווייס בכלל נישט, וואָסער רעגירונג מיר האָבן דאָ איצט.

אלעקסאנדר

הארט:

אפילו דאָס ווייסט איר נישט? טאָ זייט וויסן: די סאָ־וועט־מאַכט איז אַזאַ מאַכט, צו וועלכער אַזאַ פאָלקס־מיידל ווי איר קען גאַנץ רויק קומען מיט איר ענין! סיי



פאַר אונז איז דאָס נישט מעגלעך געווען און סיי נאָך אונז וועט עס נישט מעגלעך זיין!

מיידל:

זעט אויס, אַז ס׳וועט זיך דאָ גאָרנישט לאָזן טאָן פאַר אים.

אלעקסאנדר:

גאָרנישט, ביז ער וועט זיך נישט אונטערוואַרפן.

אלעקסאנדר

דערלאַנגט איר די האַנט, זי בלייבט נאָך אַ ווײַלע שטיין מיט צעטומלט, נישט שטעק

אלעקסאנדר

קלינגט, וואַרט.

אַן עלטערער אַרבעטער קומט אַרײַן פון אַן אַרבעטס־צימער.

אלעקסאנדר

דערנענטערט זיך צו אים, דריקט אים די האַנט און לייגט אים פאַר אַ שטול.

אַרבעטער:

כ׳האָב געזען, אַ סך מענטשן וואַרטן דאָ נאָך, כ׳וועל לאַנג נישט אויפהאַלטן. בויגט זיך בעהיימנישפול אַריבער צו אים. זעט איר, חבר, די מעשה איז אַזאַ: איך לעב שלעכט מיט מיין פרוי. מיר זענען שוין לאַנג מאַן און פרוי, מיר האָבן קינדער, אָבער—מיר קענען נישט אויסקומען צווישן זיך... כ׳האָב פּרוּבירט אויף פאַרלײַ אופנים: מיט גוטן און מיט בייזן — אָבער עס העלפט נישט. האָב איך מיך איינגע באַקלערט: אפשר קענען מיר זיך גטן?

אלעקסאנדר:

אויב איר פרעגט מיך וועגן געזעץ, איז דאָס גאַנץ מעג־לעך. לויט אונזערע נייע געזעצן, איז דאָס גאַנץ פּשוט... אָבער דערלויבט מיר, חבר, אייך שטעלן אַ פראַגע: וואו שטעקט די ריכטיקע סיבה? איז בלויז די פרוי שולדיק אין אייער אומגליק?

אַרבעטער

אַ ביסל צעמישט:

גאָט מיינער — וואָס הייסט — נו, יאָ — וועמער איז רען

רײַן פון זינד? ס׳מאַכט זיך אָפּט, מ׳קומט שפּעט אַהיים—
מ׳לאָזט פאַלן אַן איבריק וואָרט — —

**אלעקסאנדר:**
אפשר האָט איר ערגעץ ווו אַן אַנדערע — אויב שוין יאָ,
אָפן גערעדט?...

**ארבעטער**
*אויפגעבראַכט:*
ווי קומט איר דערצו, חבר, ווי קומט איר דערצו — ווי
קען מען דאָס? מיר לעבן שוין צוזאַמען זעכצן יאָר —
מיר האָבן קינדער —

**אלעקסאנדר:**
איז וואָס, הייסט עס?

**ארבעטער**
*שווייגט, און דאַן ביטער:*
יאָ, איצט, ווען דאָס גטן זיך איז אַזוי פּשוט, וועט זי
שוין אפשר מער נישט זיין אַזאַ — מיין פרוי — כ׳האָב
גאָרנישט געוווּסט, אַז ס׳איז אַזוי לייכט אַרויסצוקריגן אַ
גט... זייט מיר געזונט! *גייט צום טיר, בלייבט שטיין, זעט זיך
אַרום מיט באַגייסטערונג אין צימער און רופט אויס:* כ׳לעבן, איר
זענט אַן אמתער מיניסטער! אָט טאַקע דאָ זענען פריער
געזעסן אונזערע פייניקער! *צו אַלעקסאַנדער:* איך דאַנק אייך
פון האַרצן פאַר אייער עצה. *פאַרטראַכט* געוויס, ס׳האָט טאַ־
קע קיין זין נישט זיך אַזוי איילן דערמיט... איר וועט
אפשר איינגיכן זיין אין אונזער באַצירק?

**אלעקסאנדר**
*ציט מיט די פּלייצעס:*
איצט קען איך שוין גאָרנישט באַשטימען. מסתּמא נישט
פריער, ווי אין אַ יום־טוב.
*זיי דריקן זיך די הענט; דער אַרבעטער — אָפּ. אַלעקסאַנדער קערט
זיך אום מיט אַ שמייכל צו זיין טיש. קלינגט און וואַרט.*



**אַן עלטערע דאַמע**
*אין טיפן טרויער, מיט שפּורן פון אַמאָליקער שיינקייט, קוקט אַרײַן. פאַרנעמע
האַלטונג, אַריסטאָקראַטישער אויסזען. לאַנגזאַם דערנענטערט זי זיך צום טיש.*

**אלעקסאנדר**
*קוקט זי אָן מיט אַ פראַגע אין בליק.*

**דאַמע**
*שטיל, מיט אַן אָפּגעהאַקט קול:*
איך האָב אייך שוין וועגן אים געשריבן. איר האָט מיר
נישט געענטפערט — בין איך אַליין געקומען. איז גאָר
קיין מעגלעכקייט נישטאָ אים צו העלפן?

**אלעקסאנדר**
*וויל עפּעס זאָגן.*

**דאַמע**
*שנעל און אויפגערעגט:*
איך ווייס — ער איז געווען אַ הויכער באַאַמטער. זיין
נאָמען האָט געמוזט צודעקן זייער אַ סך זאַכן — ער איז
דאָך אָבער נאָר געווען אַ טייל פון גאַנצן סיסטעם — פאַר־
וואָס האָט די גאַנצע שטראָף אַזוי האַרט געטראָפן נאָר
יחידים? *לאָזט זיך דערשעפּט אַראָפּ אין שטול.*

**אלעקסאנדר:**
נישט ריכטיק. די שטראָף וועט אַלעמען טרעפן... דער
רעוואָלוציאָנערער טריבונאַל באַשטייט דאָך פון אַרבעטער
— האָט זשע קיין מורא נישט פאַר אים, דאָס פאָלק איז
גרויסמוטיקער ווי איר גלויבט!

**דאַמע:**
אָבער אויף וואָס דאַרפט איר זיי האָבן, די דאָזיקע אַלטע
שררות? איר זענט דאָך איצט אַזוי שטאַרק —

**אלעקסאנדר**
*אויסגעלאַסן:*
פון וואַנעט ווייסט איר דאָס?

**ד א מ ע**

מיט א זיפץ:

גלויבט אין מיין דערפארונג — נאָר ביים צאר — און ביי די סאוועטן האָבן מיר אין רוסלאַנד א פעסטן רעזשים. פון מע־ך ביז נאָוועמבער האָבן מיר בכלל נישט געהאט קיין רעגירונג. נישט נאָר מורא האָט מען פאר אייך — מ׳שפירט צו אייך אויך אכטונג. שטילשווייגן. צוואָס האָט איר פארשפארט די דאָזיקע פאָליטישע בר־מינס? נישט זיי זענען פאר אייך געפערלעך, נאָר — די אנדערע — די וואָס שטייען נענטער צו אייך — אייערע חברים.

**א ל ע ק ס א נ ד ר**

קאלט:

די דאָזיקע פראגע וועלן מיר דאָ לאָזן אין א זייט — אבער פארן פאָלקס-משפט וועלן מיר שטעלן א ל ע! גאנצע קלאסן, גאנצע פארטייען וועלן מיר אוועקשליידערן אין א זייט, ווען זיי וועלן זיך אונז שטעלן אין וועג. אנדערש קען דאָס נישט זיין.

ער פארנייגט זיך, די דאמע גייט אוועק, איינגאנצן געבראכן. אלעקסאנדער קלינגט. דער מאטראס קומט אריין, ווייזט אים א וויזיט־קארטע

**א ל ע ק ס א נ ד ר**

שארף:

אָפזאָגן! א צווייטן מאָל אפילו די וויזיט־קארטע נישט אָננעמען!... ווייך, מיד: לאָזט אריין ווייטער.

מאטראס אפ. אלעקסאנדער גייט צום פענסטער, מיט פארלייגטע הענט הינטערן קאפ.

**פ אָ ר ה א נ ג פ א ל ט**

---



## דריטע סצענע

אלעקסאנדערס ארבעטס־צימער. דעמזעלבן טאג, שפעט אינאוונט, זיצט אלעקסאנדער איינגעבויגן איבער א קליינעם שרייבטיש. אין צימער הערשט א קורצע שטילקייט. דערנאך קומט אריין אין צימער מאריא מיטן קינד אויף די הענט. אלעקסאנדער מערקט קיין זאך נישט, איז ממשיך זיין ארבעט.

**מ א ר י א:**

סאשא! הערסטו דען נישט ווער ס׳איז געקומען?

**א ל ע ק ס א נ ד ר**

הייבט נישט אויף די אויגן פון טיש:

ווער איז געקומען?

**מ א ר י א:**

קוק זיך נאָר ארום.

אלעקסאנדער דרייט זיך אום, שטייט אויף, און שמייכלענדיק גייט ער צו צום קינד; עס לאזט זיך אבער מערקן, אז זיינע געדאנקען זענען ווייט פון דאנען. דערנאך קערט ער זיך אום צוריק צום טיש.

**מ א ר י א**

דערשטוינט:

שוין?

זי גייט אין צווייטן עק צימער, הויבט זיך אן שפילן מיטן קינד, הויבט עס אין דער הויך; דאָס קינד שפארט זיך אן מיט די פיסלעך אין איר ברוסט.

**מ א ר י א**

לוסטיק:

פאפא האָט אונז פארגעסן... נו, טאָ דארפן מיר אים נישט — מיר דארפן אים נישט!..

דאָס קינד לאכט, אבער מאריאס שטימע ווערט ביסלעכווייז טויט מיט טרערן. ענדלעך כאפט זי דאָס קינד, און באהאלטנדיק די טרערן, לויפט זי שנעל ארויס פון צימער.

**א ל ע ק ס א נ ד ר**

מערקט עס נישט, ארבעט ווייטער.

מאַריאַ

קערט זיך באַלד װידער אום אין צימער, זעצט זיך שטיל אויפֿן דיװאַן מיט ד׳ פֿיס אונטער זיך. מיט אַ פֿאַרשטיקטן קול:

סאַשאַ!

אַלעקסאַנדר:

װאָס?

מאַריאַ:

װעט שוין אײביק אַזוי זײַן? שטילשװײַגן דו װערסט אונז אַלעמען פֿרעמד. מיר דערקענען דיך נישט מער...

אַלעקסאַנדר

לאָזט ליגן די אַרבעט, שפּאַרט זיך אָן אין שטול און קוקט זי אָן.

מאַריאַ:

כּריער פֿלעגסטו אונז נישט באַמערקן, און איצט — — קענען מיר זיך בכלל נישט צוזאַמענרעדן...

אַלעקסאַנדר:

פֿאַרװאָס עפּעס?

מאַריאַ

טרויעריק:

אָך, פֿאַרװאָס! צי דען לאָזט זיך טאַקע נישט פֿאַרבינדן דאָס אַלגעמײנע מיט דעם פּערזענלעכן? און חוץ דעם איז מיר אומדערטרעגלעך שװער — דער געדאַנק, אַז דו ביסט האַרט, שאַרף, און אפשר אויך ברוטאַל מיט מענטשן. דײַן טעטיקייט איז גאָרנישט די, װעגן װעלכער כ׳האָב אינדערשטיל געהאָפֿט... דו פֿאַרפֿאָלגסט...

אַלעקסאַנדר

רויִק, אַביסל דערשטוינט:

דאָס איז דאָך אָבער נויטװענדיק! מיר זענען דאָך אַרומגערינגלט מיט שונאים...

מאַריאַ

מידע:

נו, מיר װעלן נאָך רעדן װעגן דעם. אָבער איך װײס, אַז דו דערװײַטערסט זיך פֿון אונז. — הויבט אויף צו אים אירע אויגן.



דו האָסט גאָר קײן געפֿיל נישט פֿאַרן קינד. דו טראַכט פֿאַראַמאָל װעגן אַלעמען. דו האָסט צופֿיל קינדער.

אַלעקסאַנדר

אויפֿגעלעבט, מיט אויפֿגעלויכטענע אויגן:

אָבער, מאַרוסיאַ, דו װײסט דאָך, די רעװאָלוציע איז נישט גאָר פּראָפֿעסיע, — זי איז אַ מ י ס י ע, פֿון װעלכער מ׳קען זיך נישט אַרויסמאַכן... זי איז — גורל! זי איז װי די ליבע — קען מען זיך דען באַפֿרײַען פֿון איר?

מאַריאַ

שטיל, װי אײפֿערזיכטיק:

דו ליבסט די רעװאָלוציע װי אַ פֿרוי...

אַ לאַנג שװער שטילשװײַגן. בײדע זיצן אָפּגעזונדערט אין שטומען טרויער. די שטימע פֿון דער ניאַנע לאָזט זיך הערן פֿון קינדערצימער: „אָך דו, מײַן גאָלד!“ בײדע קערן אום די קעפּ צו אַנאַנדער, זײערע אויגן באַגעגענען זיך, זײ שמײכלען.

אַלעקסאַנדר

לויפֿט צו איר צו, קניט פֿאַר איר און זאָגט מיט געלעכטער:

דו טאָרסט זיך נישט שפּאַרן — די פֿרוי מוז געהאָרכזאַם זײַן דעם מאַן, די בירגערין — דעם קאָמיסאַר...

פֿאָרהאַנג פֿאַלט.

## פערטע סצענע

אויפֿנאַם־צימער. אָװנטצײַט. אַלעקסאַנדר, מאַריאַ, יוליע. די מר־סער דרײט זיך אָפּ אַרײַן און אַרויס פֿון צימער. מען טרינקט טײ.

יוליע

אויפֿגעבראַכט:

און דאָס האָסטו פֿאַראָרדנט! דו האָסט פֿאַנאַנדערגעטריבן דעמדאָזיקן קאָנגרעס?

אַלעקסאַנדר

רויִק:

יאָ — אָבער מה רעש? דאָס איז דאָך געװען נויטװענדיק...

יוליע:

הער שוין אויף צו באַנוצן דאָס דאָזיקע עקלהאַפֿטע װאָרט:

„נויטווענדיק“! איר האָט, זעט אויס, פאַרגעסן, אַז...

**א ל ע ק ס אַ נ ד ר:**

פאַרוואָס זאָגסטו „איר“? נאָך נישט לאַנג צוריק...

**י ו ל י ע**

*מיט בליצנדיקע אויגן:*

איך פיל, אַז כ'דערווייטער מיך פון אייך.

**אַ ל ע ק ס אַ נ ד ר:**

ס'הויבט שוין אָן צו ווירקן אין דיר דער גיפט פון ענ־טוישונג? גוט, אָבער האָב אין זינען, אַז דו פירסט אַ שטרייט נישט מיט א ו נ ז, נאָר מיט דער רעוואָלוציע גופא... זי קומט מיט פייער און בליץ און נישט מיר מאַכן זי פאַר אַזאַ!

**מ אַ ר י אַ**

*אויפגערעגט:*

אָבער מיר ליגן נאָך אין זכרון דיינע ווערטער: אונזער רעוואָלוציע וועט זיין פול מיט גוטסקייט! איך זע נישט קיין גוטסקייט, איך זע פאַרביטערונג. זענען דען דאָ צווישן אייך געווג פיינפיליקע מענטשן, וועלכע בילדן מיט זייער אייגענעם קערפער אַ שוץ־וואַל פאַר דער רעוואָלוציע?

**אַ ל ע ק ס אַ נ ד ר:**

זאָרג נישט וועגן דעם. מיר זענען אַ סך. מיר זענען פונקט אַזוי פיל, וויפל ס'זענען דאָ געקוועלטע און נאָך יושר־הונגערנדיקע מענטשן: זייער פיין איז היינטצוטאָג דער שוץ־וואַל!

**מ אַ ר י אַ:**

די דאָזיקע פיין מאַכט אָבער האַרט...

**אַ ל ע ק ס אַ נ ד ר:**

יאָ, די דאָזיקע פיין מוז מען פאַרוואַנדלען אין צאָרן. אין ווילדן כעס, זי מוז ווערן אַ פייערשפייענדיקער ווולקאַן... דער דאָזיקער צאָרן מוז אָנפילן די מענטשלעכע נשמה ביז איבער די ברעגעס — ער זאָל זי פאַרטרינקען. דעמאָלט וועט אין דער וועלט רייפן די גערעכטיקייט!



**מ ו ט ע ר**

*קוים צו הערן:*

וואָס פאַראַ גערעכטיקייט?

**אַ ל ע ק ס אַ נ ד ר:**

וואָסערע? אַ ברענענדיקע, אַ ביטערע, צווערשט אַ גיפ־טיקע — אָבער וואָס מאַכט עס אויס? פונם ביטערן וועט געבוירן ווערן דאָס זיסע, פונם צאָרן וועט שפּעטער אויס־וואַקסן די גוטסקייט! פאַרלאַנגט נישט, דער רעגנבויגן זאָל דערשיינען פאַרן געוויטער!

**ר ע ו ש**

*קומט אַריין:*

ס'איז אַ יום־טוב ס'איז היינט! טויזנטער מענטשן — שלום־דעמאָנסטראַציעס —

**אַ ל ע ק ס אַ נ ד ר**

*באַגריסט אים:*

און איר, רעוש, אויך איר זעט נישט דעם געוואַלטיקן צאָרן, וואָס שטורעמט אַרום אונז? וואָס פאַריאָגט די פיין? גיט נאָר אַ קוק אויף די קליינע מענטשעלעך, וואָס האָבן ביז איצט געבעבטלט, נעבעכפּעט, אַרומגעקראָכן אויף דער ערד, ווי הינט. איצט גלייכן זיי זיך אויס אין זייער גאַנצער גרויס. צי דען זעט איר עס נישט? איז דאָס נישט קיין דערהויבנדיק בילד? דערקלערט דאָס זיי!...

**ר ע ו ש**

*זעצט זיך אַוועק אין אַ עק צימער און הערט זיך אויסמערקזאַם צו.*

**אַ ל ע ק ס אַ נ ד ר:**

אייך שרעקט, וואָס זיי הויבן זיך אויף שווייגנדיק, אָן אַ פּיפּס, פאַרכמורעטע — יאָ — ווי קען דען אַנדערש זיין? מ'האָט זיך דאָך געמוזט ריכטן אויף דעם!... ביז איצט האָבן זיי דאָך גאָרנישט געוווּסט ווי מען לעבט. — זייער לעבן איז נאָר געווען אַ לאַנגזאַם שטאַרבן.

**י ו ל י ע:**

עס ווערט דאָך אָבער חרוב דאָס בעסטע, וואָס...

אלעקסאנדר.

שווייג בעסער — רעד נאָר נישט די דאָזיקע באַנאַלע רייד! וואָס ווערט חרוב? איז דען דאָ אויף דער וועלט עפּעס בעסערס, ווי מענטשן? און וואָס האָט זיי דיין קולטור געגעבן? אויב דער דאָרטן אין הימל מאַכט אַ חשבון־הנפש איבער זיינע אייגענע זינד, דאַן ווייס ער גאַנץ גענוי פאַר וועמען עס לייכט זיין זון און אויף וואָס עס ווערן געבוירן די קינדער פון פאָלק, די אַלטע. די אוראַלטע צויבער־מעשהלע, וועגן וועלכער עס האָבן געטרוימט חכמים און דיכטער, הויבט אָן ווערן ווירקלעכקייט פאַר אונזערע אויגן. און איר, נאַרעלעך מיינע, איר, גוטע נשמות, צי דען זעט איר דאָס נישט: מיר ווילט זיך אַדורכגיין איבער גאַנץ רוסלאַנד — איבער דער גאַנצער זינדיקער וועלט, כּדי אומעטום יעדן איינעם צו באַווייזן, סאַראַ וווּנדער ס'איז געקומען אויף אונזער וועלט! מיט באַגייסטערונג דאָס פאָלק האָט גענומען די מאַכט אין זיינע אייגענע הענט!

א לאַנג שטילשווייגן.

יוליע:

גוט, אָבער צוואָס איבעררייסן מיט די אַנדערע — מיט די סאָציאַליסטן? אויף וואָס נוצט דער ברודער־שטרייט?

אלעקסאנדר:

גלויב מיר, אַז דאָס איז דאָס טרויעריקסטע אין די דאָזיקע טעג. נאָך קיינמאָל האָב איך אַזוי ווייטאָגדיק־קלאָר נישט באַגריפן דעם זין פון די ווערטער: „שטיין אויף יענער זייט פון דער באַריקאַדע"... שטעל זיך נאָר פאָר: — מיר האָבן צוזאַמען אויסגעבויט דעמזעלבן שוץ־וואַל פון שטיין און האָלץ! פאַר אונז ביידע האָט געלויכטן די העלע פאַרב פון פאָן... מיר האָבן געוואָרט אויפן זיג, און נישט נאָר אונזערע גופים, — אויך אונזערע נשמות, אונזערע האָפענונגען האָבן זיך צוזאַמענגעשמאָלצן. מיר זענען ביידע געשטאַנען צוזאַמען אונטער איין־און־רעוואָלווער



באַריקאַדע — און פּלוצלונג אַזאַ פאַרענדערונג! מיין מיטקעמפער — דעם קאַמף־חבר — דעם פריינט, זע איך שוין דאָרטן, אויף יענער זייט פון דער באַריקאַדע, פאַרייניקט מיט אונזערע פיינט!.. מיר שרייען צו זיי פון אויבן, פון די רושטאָוואַניעס: נעמט זיך אין אַכט! אַלע, וועלכע ווילן נישט, וועלכע קענען נישט, וועלכע גלויבן נישט, זאָלן אָפּגיין אין אַ זייט!... קלאַפּט אויפן טיש אַנישט, וועלן מיר אייך צעשמעטערן מיט דער איינגעוואָרפענער רושטאָוואַניע!

יוליע

מיט פאַרביטערונג:

איך דערמאָן זיך, אַז דו האָסט גערעדט וועגן די איינפאַכע געזעצן פון אמת און גערעכטיקייט. וואָס איז איצט געוואָרן פון זיי?

אלעקסאנדר

פאַרטראַכט, לאַנגזאַם:

דו האָסט מיר געטראָפן אין האַרצן... איך טרויער נאָך זיי, און פונדעסטוועגן בין איך זיי גובר...

אלע

קוקט אויף אים מיט דערשטוינונג:

אלעקסאנדר:

איך בין זיי גובר דערפאַר, ווייל די רעוואָלוציע האָט אונז געגעבן אַנדערע געזעצן — אירע אייגענע. גייט אויפגערעגט אַרום אין צימער הין און צוריק. מיר זענען אַרומגערינגלט מיט שונאים. מיר קענען נישט בלויז לייגן פונדאַמענטן, אונזערע הענט מוזן אויך האַלטן פעסט דעם שווערד. מיט היץ אָבער אונזער שווערד איז אַ גערעכטער, ווייל זיין קלינגל גלאַנצט אין דער זון נישט נאָר פאַר אונז צוויין, נישט נאָר פאַר איין קלאַס אַליין, נאָר פאַר אַלע, אין נאָמען פון דער גאַנצער מענטשהייט... איבער די איינפאַכע געזעצן הויבט זיך אויף דער קופּאָל פון אַנדערע געזעצן, פון די רעוואָלוציע־געזעצן: אויך די דאָזיקע זענען אייביק! זיי וועלן ווידער פאַנאַנדער-

נעמען די רושטאָוואַניעס און איר וועט דערזען דעם היכל
אין וועלכן ס'וועלן שטראַלן די איינפאַכע געזעצן!

מאַריאַ:

און ביז דעמאָלט?.. דו ביסט געוואָרן האַרט, דיין אויער
איז פאַרשטאָפּט געוואָרן פאַר תחנונים און טרערן שטיל.
דערמאָן זיך נאָר אין די טרערן פון דיין זקן...

אַלעקסאַנדר

צו רדוּשן:

איך ווייס, איר זענט נישט אויף אונזער צד, אָבער איר
זענט אויך נישט קעגן אונז. טאָ דערקלערט זשע זיי, אַז
מיר זענען נישט געוואָרן האַרט, אַז קענען זיך גופא
ווענדן מיר אָן מער געוואַלט, ווי קעגן אַנדערע... ווער
ווייס, אפשר וועט מען נאָך די דאָזיקע האַרטקייט אַמאָל
האַלטן פאַר הייליק...

יוליע:

אין אייראָפּע וועט מען אייך גאָרנישט פאַרשטיין...

לעקסאַנדר:

זיי וועלן מוזן פאַרשטיין... אייראָפּאַ דאַרף זיך פאַר
אונז פאַרענטפערן — נישט מיר פאַר איר. מיר ברענ־
גען איר די בשורה פון שלום, מיר רופן איר צו באַנייען
די וועלט — וואָרום אויב נישט איצט, ווען די מענטשן
ווערן דערשטיקט אין פּיין, טאָ ווען־זשע?... זיי וועלן
דערשפּירן אין זיך דעם העלדנמוט פונם מענטשן —
און די רעוואָלוציע וועט אַ־ויס פון הינטער זייערע פּליי־
צעס. מיט יסורים. דערצו איז אָבער איינס נויטיק: דער־
דריקט אונז נישט איצט—אונטערשטיצט אונז אַלע—אַלע.

רדוּש

רויִק:

יאָ, דאָס זעט אַלץ אויס גאַנץ פאַרשטענדלעך... איר
מיינט, אַז דורך אָפּשניידן די האָר ראַטעוועט איר די
קעפּ...

אַלגעמיינער שמייכל.



אַלעקסאַנדר

האַלט זיך ביי די שלייפן:

באַרעכנט נאָר, וואָס עס טוט זיך אַרום אונז. איר האָט
קיין אַנונג נישט, וואָסערע מוטנע און ווילדע שטראָמען
דאָס רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד האָט אַרויסגעריסן אויף דער
אויבערפלאַך. וויפל אַכזריות און רשעות די באַפרייטע
פאָלקס־נשמה האָט מיטגעבראַכט פון איר געפאַנגענשאַפט!...

שטילשווייגן.

אַלעקסאַנדר:

און דערביי ווייס איך דאָך, אַז דאָס זעלבע פאָלק וועט
פאַרוואַנדלען אונזער ערד אין אַ גן־עדן... מיר וועלן
די דאָזיקע אַלע ליידן פאַרגעסן דעמאָלט, ווען די דער־
ווען יונגע מיידלעך וועלן מער נישט דאַרפן פאַרוועלקן...
ווען די מענטשן וועלן ווי געדיכט־געזייטער רויטער מאָן
באַדעקן די ערד...

פּער, איינגעראָמטע אין ניי גרינס, וועלן ווידער העל אויפפלאַכן,

אַלע פאַרזונקען אין געדאַנקען.

מאַריאַ

קטיף:

איך קען דיר דאָס נישט דערקלערן, אָבער איך פיל,
אַז דער פולער אמת איז נישט אויף דיין זייט...

יוליע

שטיל:

און צוליבן דאָזיקן צוועק איז אַלץ דערלויבט? אַלץ?

אַלעקסאַנדר

רויִק, זיכער, לויטער:

יאָ, אַלץ!

פון גאַס דערטראָגט זיך דער גערויש פון אַ מענטשן־המון; אומבאַשטימטע
קלאַנגען דערנענטערן זיך כסדר. אַלע הערן זיך צו. אַ שטאַר־
קער קלאַפּ אין טיר. אַ גרופּע אַרבעטער און מאַטראָסן קומען אַריין
אין צימער מיט אויפגעלעבטע פּנימער. אַלע שטייען אויף.

א ן  א ר ב ע ט ע ר

צו אַלעקסאַנדערן:

חבר, דאָ גייט פאַרביי אַ דעמאָנסטראַציע. זי האָט פאַר־פלייצט די גאַנצע גאַס, מען מוז ריידן צו איר... גייט אַרויס צו זיי אויפן באַלקאָן...

א ל ע ק ס א נ ד ר

אויפגעלעבט:

פון וואַנען האָט איר געוווּסט, אַז איך ווין דאָ?

א  מ א ט ר א ס

מיט אַ שמייכל:

ריקאָוו, דער סעקרעטאַר, האָט מיר אָנגעוויזן. איך האָב זיי אָנווייזנדיק אויף די אַרבעטער אַרויפגעפירט אויפן געדאַנק...

א ן  א ר ב ע ט ע ר

קוקט זיך אַרום אין צימער:

אַלזאָ, איר גייט, חבר!

א ל ע ק ס א נ ד ר:

אַ פראַגע דאָס איז...

עפנט אויף האַסטיק די טיר פון באַלקאָן. צוזאַמען מיט דער פראַסטיק פרישער לופט דרינגט אַריין אין צימער דער געמורמל פון המון. אַלע אָנוועזנדיקע שטייען ביי דער באַלקאָן־טיר. באַלד הערט מען אַלעק־סאַנדערס שטימע: צוערשט איז זי אומזיכער, אָבער וואָס ווייטער אַלץ פעסטער.

א ל ע ק ס א נ ד ר:

נישט צוליב שיינע ווערטער, נישט צוליב לידער מאַרשירט איר היינט איבער די גאַסן פון אונזער רוי־טער הויפטשטאָט... די הערן פון דער וועלט מיינען, אַז זיי וועלן זיגן אויף די שלאַכטפעלדער... מיר שליידערן זיי היינט אין פנים אונזער אַרויספאָדערונג: מיר ווילן שלום — אָבער א ו נ ז ע ר ן, אַ רעוואָלוציאָנערן שלום!... גלויבט איר אין אייערע כוחות, חברים? צושטימנדיקער געמורמל. גלויבט איר אין אייער אידעע? יאָ, איר גלויבט?... נו, טאָ צעברעכט זשע די דאָזיקע רויבערישע וועלט. לאָזט נישט איבער אין איר קיין שטיין אויף אַ שטיין!...

אַלעקסאַנדערס לעצטע ווערטער פאַרזינקען אינם פאָלקס־רעש. די פריי־



ערדיקע רעוואָלוציעס האָבן געפרעדט וועגן בירגער — מיר רופן איינער דעם צווייטן חבר — אָבער דאָס איז נאָך ווייניק — מיר מוזן ווערן ב ר י ד ע ר...

דער פאָרהאַנג פאַלט.

---

## פינפטע סצענע

אַלעקסאַנדערס אַרבעטס־צימער. ווען דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף, זיצט אַלעקסאַנדער אויפן דיוואַן, פאַרטיפט אין אַ אינטימען שמועס מיט רעושן.

ר ע ו ש:

איר ווייסט דאָך, אַלעקסאַנדער, איך בין נישט קיין רע־וואָלוציאָנער, אָבער איך קוק זיך צו צום קאַמף מיטן גרעסטן מיטגעפיל. איך פאַרשטיי אייך, ווען איר פאָדערט, מ'זאָל נישט ענטמוטיקן דאָס פאָלק, אָבער איך באַדויער, וואָס ס'איז נאָך נישט געקומען די צייט פאַר מיינע אידעאַלן.

א ל ע ק ס א נ ד ר:

פאַרוואָס שווייגט איר אָבער תמיד? איר שווייגט מיט אַזאַ אייזיקן שווייגן?...

ר ע ו ש

מיט אַ מילדן שמייכל:

אָ, דאָס האַלט איך פאַר מיין פאַרדינסט — איך שטער אייך דאָך נישט דעריבער. שטילשווייגן. אָבער דאָ, ווו מיר געפינען זיך צווישן זיך, אונטער פיר אויגן, מוז איך אייך אויפמערקזאַם מאַכן אויף אייערע סתירות.

א ל ע ק ס א נ ד ר

גוטמוטיק:

אדרבא, זאָגט, וואָס איך ווילט זיך.

ר ע ו ש:

כ'וועל נעמען דאָס ערשטע, וואָס קומט מיר אויפן זכרון:

איר האָט נישט לאַנג צוריק געוואָלט באַווייזן, אַז דעם גליק מעג מען אויסקעמפן מיט אַלע מיטלען.

א ל ע ק ס אַ נ ד ר:

וואָס הייסט מיט אַלע מיטלען?

ר ע ו ש:

דאָס הייסט: אויך מיטן מיטל פון ג ע װ אַ ל ט. איר האַלט, אַז די געוואַלט, וועלכע אונטערדריקט די מענטשלעכקייט, איז הייליק. אַז זי ווערט אויסגעקויפט דורכן מענטשנס צוקונפטיק גליק. טאַ זאָגט זשע, צי דען איז אייך נישט געקומען דער רעיון, אַז דאָס גליק לאָזט זיך נישט אויסקעמפן דורך געוואַלט?

א ל ע ק ס אַ נ ד ר:

פונדעסטוועגן קעמפן מיר עס דאָך אויס. מיר קעמפן עס אויס צום טייל...

ר ע ו ש:

אָט דאָס איז דאָס טאַקע: נאָר צום טייל, אָבער דאָס פולע גליק וועט דורך אייך נישט קומען.

א ל ע ק ס אַ נ ד ר

וויל ענטפערן, רעוש האַלט אים אָבער צו ביי די הענט.

ר ע ו ש:

וואַרט נאָר — דאָס איז אַ לאַנגע, שווערע צייט, אין וועלכער עס ווערט אָפּגעטאָן די שוואַרצע אַרבעט פון דער רעוואָלוציע. איר, אין אייער פאַנטאַזיע, שפּרינגט איר אַריבער די דאָזיקע צייט... איר זעט פאַר זיך שוין אַן אַנדערע וועלט — אָבער דער פּשוטער מענטש קען זי נישט אַזוי לייכט אַריבערשפּרינגען... ווי אַזוי קען מען גיין דורך פייער און זיך נישט אָפּברענען?

א ל ע ק ס אַ נ ד ר:

איז דאָס מעגלעך, — איז מעגלעך, אַז אויך איר זעט נישט קיין אַנדער זאַך אַ חוץ געוואַלט? צי דען פירט זיך דער קאַמף נאָר צוליב פּאָליטיק, צוליב פּוסטע פּאָליטיק — צוליב מאַטעריעלע גוטס?.. צי טראַכט דען דער



אָרעמסטער פון דער דאָזיקער רעוואָלוציע בלויז וועגן זיין ברויט?.. פאַרן פאָלק לויכט אַן איינציקער ציל. גייט אויף פויערים־ און זעלנער־קאָנגרעסן, גייט אויף אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען און איר וועט הערן, ווי הינטער אַלע ניכטערנע רייד ליגט פאַרבאַהאַלטן די אוראַלטע בענקשאַפט נאָך יושר... גיט דעם פאָלק אַ ריין בלאַט פּאַפּיר און בעט, עס זאָל אָנצייכענען אויף דעם זיין פּראָגראַם — וועט עס אָנשרייבן צוויי ווערטער: ג אָ ט ס ג ע ר ע כ ט י ק ײ ט — און מער גאָרנישט...

ר ע ו ש:

דאָס איז אמת...

א ל ע ק ס א נ ד ר:

אונזער רעוואָלוציע זאָל זיין אַ פּאָליטישע, אַ בירגערלעכע, אַ דאָסיקע און אַ יענציקע! אַלץ האָבן זיי זיך אויסגעמחט, אונזערע געלערנטע, טרוקענע פירער, — אָבער איינס האָבן זיי נישט באַמערקט: אַז גלייך מיטן ערשטן אָטעם פון דער רעוואָלוציע האָט זיך דאָס פאָלק פאַרגענומען צו באַנייען זיינע זיטן, זיינע מנהגים, זיין פאַמיליע־לעבן, זיין קירכע און אפילו גאָט אויך. ווייל „גאָטס גערעכטיקייט" טאָר מיט קיין זאַך נישט באַגרענעצט ווערן! דאָס פאָלק איז היינט אין רוסלאַנד מיט זיך אַליין... עס מוז באַנייט ווערן פון קאָפּ ביז די פיס!

ר ע ו ש:

אויך דורך בלוט און טרערן?

א ל ע ק ס א נ ד ר:

יאָ, אויך דורך דעם! ווייל אויב עס וועט זיך ווידער לאָזן איינשפּאַרן אין שטייג, וועלן מיר סיי ווי האָבן בלוט און טרערן! ווייל נישטאָ קיין אַנדער וועג חוץ אונזערער...

ר ע ו ש:

אָט דאָ ליגט אייער טעות... איר האָט יאָ אַן א נ ד ע ר וועג...

אַלעקסאַנדר:

וועלכן?

רעוּש:

וואָס פירט דורכן מענטשן גופא! דורך זיין פּערזענלעכער רעוואָלוציע...

אַלעקסאַנדר:

דעם וועג קען איך — און וואָס ווייטער? איבעראַנדערש דעם מענטשן, און דערביי לאָזן אומקומען די מענטשהייט?

רעוּש:

דאָס איז אַ זיכערער וועג...

אַלעקסאַנדר:

אָבער אַ שווערער — פאַר אונז אַלע אַ וועג וואָס פירט צום טויט... ס'איז נאָך ווינציק צו טראַכטן וועגן דאָס גוטע — ס'איז נאָך ווינציק עס צו וועלן — מ'מוז זיך איילן עס דורכצופירן אין לעבן!

רעוּש:

דעמדאָזיקן שטרייט האָבן מיר געפירט אַ סך יאָרן מיט אַ סך מענטשן נאָך פאַר אַלע רעוואָלוציעס, און זיי האָבן אונז געזאָגט: די רעוואָלוציע וועט קומען און דעמאָלט וועלן דידאָזיקע פראַגן צעשמאָלצן ווערן ווי וואַקס אין פייער! די רעוואָלוציע איז געקומען און דידאָזיקע פראַגן זענען געבליבן, האַרטנעקיקער נאָך ווי ווען נישט איז.

(פּויזע)

רעוּש:

איר האַלט, אַז די רעוואָלוציע מאַכט די מענטשן פאַר גערעכטע, און איך זאָג: דער פ אָ ר ב אַ ד י נ ג פון אַ רעוואָלוציע זענען גערעכטע מענטשן.

אַלעקסאַנדר

פאַרטראַכט:

איר זעט נאָר איינצלנע אַקטן פון אונזערע געוואַלט-מעשים. איר האָט אָבער נישט קיין אויג פאַר דאָס אַנ-דערע, פאַר דאָס וווּנדערבאַרע, וואָס וואַרפט אַראָפּ אין



אָפּגרונט גאַנצענע שיכטן פון דער אַלטער געוואַלט... באַ-רעכנט נאָר, אין רוסלאַנד האָט מען מער קיין רעספּעקט נישט פאַר אייגנטום — די אָרימע האָבן מבטל געמאַכט די גרעניצן, וואָס האָבן זיי אָפּגעטיילט פון די רייכע... און דאָס צווייטע — דאָס, וואָס די מאַכט איבער דער מלוכה ליגט אין די הענט פון די דאָזיקע אָרימע? באַ-רעכנט נאָר, וואָס מ'קען שאַפן דורכדעם.

רעוּש:

לויט אייער מיינונג, הייסט עס, איז פאַר אונז קיין פּלאַץ נישטאָ ביי דער אַרבעט? מיר זענען בלויז אַריסטאָקראַטן?

אַלעקסאַנדר:

ניין, דאָס מיין איך נישט... איר העלפט אונז פון דער אַנדער זייט... איר זעט דעם פיין פונם מענטשן בעסער פאַר אונז. אפשר רודערט איר אויף דעם מענטשן טיפער ווי מיר. און אין דעם ליגט דאָך דער זין פון דער וועלט-געשיכטע: ברענגען די מענטשהייט אין באַוועגונג! אַ באַוועגטע מענטשהייט איז אפשר נאָך נישט קיין רע-וואָלוציע, אָבער איר מבשר...

רעוּש:

מיר אַרבעטן, הייסט עס, פאַר אייך? אויפן פעלד, פון אונז צעאַקערט, וועט איר זייען אייערע זאָמען?

אַלעקסאַנדר:

מעגלעך. לאַכט. כאָטש מיר ווילן ליבער אַליין אַקערן און אַליין זייען... אייער אַרבעט וועט שפּעטער קומען...

רעוּש:

שפּעטער?

אַלעקסאַנדר:

יאָ, שפּעטער... אַז די רעוואָלוציע וועט שוין האָבן פריי-געמאַכט די וועג, אַז די מורדישע און נצחונדיקע מענטשהייט וועט אונז צוריקגעבן דעם מענטשן...

ר ע ו ש:

בינדט אָן אַ פּאַפּיראָס, שטיל:

אָט דאָ ליגט אייער סתירה. אָן דעם מענטשן וועס איר קיינמאָל נישט האָבן קיין נצחונדיקע מענטשהייט, זי וועט תמיד בלייבן אַ מורדישע...

שטילשווייגן.

דער פאָרהאַנג פאַלט.

---

## זעקסטע סצענע

אָוונט. אַ צימער אין אַ פּשוטער דירה. אייניקע יונגע מענטשן טרינקען טיי און פירן אַן אויפגערעגטן שמועס. צווישן זיי זיצט ביים טיש שעלינצעוו. וויקטאָר גייט נערוועז אַרום אין צימער הין און צוריק, קוקט אַרויס יעדע ווײַלע דורכן פענצטער אויפן גאַס. אויפן דיוואַן, מיט די פיס אונטער זיך, ראַיעווסקאַיאַ. אין פאַרשידענע פּאָזעס די חברים וואָלאָדיאַ, מיכאַעל, סעניאַ. ווען דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף הערשט געדריקטע שטילקייט.

ש ע ל י נ צ ע וו:

צוערשט מיטן קאָפּ איינגעגראָבן אין די הענט, דערנאָך שפּרייט ער אויס די הענט אין גרויס פאַרלעגנהייט:

איך קען עס נישט באַגרייפן, בין איך שוין לחלוטין געוואָרן אַן עבר בטל? שטילשווייגן. קורץ צוריק זענען מיר נאָך געווען צוזאַמען און איצט מוז מען זיך אַזוי גוט ווי אויסבאַהאַלטן.

ח י ק ט א ר:

דרייט זיך האַסטיק אויס אויף די אָפּצאַסן, סאַרקאַסטיש:

ווי זאָל מען זיך נישט אויסבאַהאַלטן, ווען די סאָוועטשפּיאָנען היטן אָפּ דיין יעדן טריט! אויך איצט זע איך דורכן פענצטער...



ש ע ל י נ צ ע וו:

פּי פריער פאַרלוירן:

ווייסט עס דער רוח — ס'איז ווי אין אַ כשוף... איצט דאַרף זיך צונויפקומען די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג און מען הויבט נישט אָן צו וויסן, צי זי וועט זיך בכלל צונויפקומען...

ח י ק ט אָ ר

מיט שפּאָט:

אָט באַלד וועלן זיי טאַקע לאָזן זיך צונויפקומען דיין נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג! פאַר זיי איז דאָך דאָס נאָר אַ נאַציאָנאַלער שענק!

ש ע ל י נ צ ע וו

פאַרטראַכט:

איך בין געווען אַ מאַטראָס. דעם גאַנצן טאָג ביז טיף נאָך האַלבער נאַכט האָט מען מיך צו דער אַרבעט געטריבן — און ערשט ביים באַגינען פלעג איך אוועק צו די הייצער... מיר פלעגן ליגן אויף די נאַרעס און טרוימען: ס'וועט קומען אַ פאָלקס־אויפשטאַנד און די שיפן וועלן שווימען אונטער רויטע פענער און די פויערים וועלן זיך אַ הויב טאָן און אַלע צוזאַמען וועלן מיר אַנטקעגן גיין אונזער שטערן — דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג. און פרימאָרגנס פלעגט זיך גיין אַזוי פריילעך צו דער אַרבעט — ווי דו וואָלסט זיך אויסגעבאָדן אין אייזקאַלטן וואַסער.

וו אָ ל אָ ד י אַ:

און ווי איז עס געווען אין 1905?

ש ע ל י נ צ ע וו:

יאָ, דעמאָלט בין איך טאַקע אַריינגעפאַלן, קריטשעט מיט די ציין ס'איז געווען מוראדיק — נאַכהער, ווען מען האָט אונדז געלאָזט לויפן אונטער די שפּיצרוטן. די אָפיצירן האָבן אונדז געשלאָגן אין פּנים — דאָ ווייזט אויף זיין אָרעם זענען געבליבן סימנים, ווו מ'האָט מיר אַ שמיץ געגעבן מיטן רוט איבער דער האַנט. שטילשווייגן. פּוגדעסטוועגן האָב

איך דורכן חושך פון דאָזיקן גאַנצן ווייטאָק תמיד געזען
אַ קליין ליכט — די נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג.

שטילשווייגן.

שעלינצעוו:

וויפל מאַטראָזן-קעפ זענען צוליב איר געפאַלן.

וויקטאָר:

און איצט קומען זיי, די אויבער-רעוואָלוציאָנערן און
לאַכן איבער אייערע געפאַלענע קעפ — — נישט נאָר זיי
לאַכן — זיי פאַריאָגן אונז.

שעלינצעוו

שלאָגט ליידנשאַפטלעך צענויף די הענט:

ווי אַזוי האָט אָבער אַלעקסאַנדר געקאָנט אַוועקגיין פון
אונז? ראַיעווסקאַיאַ גיט אַ שוידער. ווי האָט ער זיך געענדערט!
אין אַפּריל נאָך זענען מיר געגאַנגען צוזאַמען, אין יולי —
צוזאַמען, אין אויגוסט ביים קאָרנילאָוו-אויפשטאַנד —
צוזאַמען, — וואָס הייסט: צוזאַמען? — מיר זענען געווען
איינס! ווען מיר האָבן זיך צום ערשטן מאָל צוזאַמענגע-
טראָפן אויף אַ פאַרזאַמלונג נאָכן פאַלן פון צאַריזם, האָבן
מיר זיך ביידע באַנומען ווי ברידער, כאָטש מיר זענען
פריער נישט געווען באַקאַנט. אַזוי זענען מיר דאָס גאַנ-
צע יאָר געגאַנגען ווי אַרומגענומען.

מיכאַעל:

איצט קען מען מסתמא גאָר נישט צוטרעטן צו אים.
נישט לאַנג צוריק האָט איינער פון אונז געוואָלט...

שעלינצעוו:

ניין, דאָס טאָר מען נישט זאָגן — אַזאַ איז ער נישט!

שטילשווייגן.

שעלינצעוו:

דאָ לעצטנס האָב איך שוין מער נישט געקענט אויסהאַלטן —
פאָליטיק אַהער, פאָליטיק אַהין — כ'האָב געוואָלט מענטש-
לעך אַביסל דורכשמועסן זיך מיט אַלעקסאַנדערן. ווער ווייס
אויב נישט צום לעצטן מאָל! נו, האָב איך אָנגעטעלעפאָ-
נירט צו אים דירעקט אין קאָמיסאַריאַט. אַלע הערן זיך צו
מיט גרויס שפּאַנונג, וויקטאָר קוקט בייז אויף שעלינצעוון. צוערשט
האָבן זיך די פריילינס דאָרטן געדרייט אַהין און צוריק,
אָבער ווען כ'האָב אָנגערופן מיין נאָמען, איז ער תיכף
צו צום טעלעפאָן און געפרעגט מיט אַ פאַרשטאַרטער
שטים: „זענט איר עס, חבר שעלינצעוו?“ האָב איך אים
געענטפערט: „אַלעקסאַנדר, באַשטימט אַ צייט, מיר זאָלן
זיך קענען דורכשמועסן! עס איז דאָך נישט מעגלעך, אַז
איר זאָלט זיין פאַרלוירן אויף אייביק!“ צוערשט האָט ער
געשוויגן אין צימער וואַקסט די אויפרעגונג און דערנאָך ווידער
אַמאָל געזאָגט מיט אַ פאַרשטאַרטער שטים: „איצט,
אַנדריי, וועט דאָך דערפון גאָרנישט אַרויסקומען. אונזערע
וועגן גייען זיך פונאַנדער אויף אַ לאַנגע צייט. הלוואי
זאָלן מיר זיך נאָך טרעפן אַמאָל ביי אַ געמיינזאַמער אַר-
בעט. אָבער צו וואָס ריידן איצט וועגן דעם? דו ביסט
אַ שטאָל-האַרטער מענטש, און אויך איך בין נישט פון
וואַקס. שטילשווייגן. „אפשר ביסטו גערעכט“ — האָב איך
געענטפערט, — „טאָ לאָמיר עס טאַקע אויף אַ צייט אָפּ-
לייגן...“ מער האָבן מיר נישט געשמועסט. אָבער אין זיין
שטים האָב איך געשפּירט וואַרימקייט.

וויקטאָר

רייסט האַסטיק איבער דאָס שווייגן:

דיין אַלעקסאַנדר איז אַ צבועק. ס'איז לאַנגווייליק דאָס
אַלץ אויסצוהערן. אַנדריי, פאַרוואָס רעדסטו תמיד וועגן
אַ יחיד? שטעלט זיך אַוועק פאַר אים. דער ריס גייט
דורך ביי אונז דורך דער גאַנצער ליניע.
אינגיכן וועלן צווישן אונז גופא פירן אַ קאַמף פאַרשידע-
נע קלאַסן.

שעלינצעוו:

די חברים...

וויקטאָר:

זעסט, דו רופסט זיי נאָך אַלץ „חברים“. און איך זאָג

דיר: דו ווערסט זיך אינגיכן אפילו מיטן וואָרט „הער־
נישט ווענדן צו זיי.

גאָלאָדיאַ:

אייערנעכטן האָבן מיר געהאַט אַ פאַרזאַמלונג — האָט
מען אונז אַרומגערינגלט — מיט גרויס מי האָבן מיר זיך
אַרויסגעדרייט.

מיכאַעל:

מענטשן, וועלכע האָבן אין די צאַרישע צייטן אָפּגעגעבן
זייער לעבן טראָפּנווייז אין משך פון יאָר־צענדליקער,
ווערן איצט באַהאַנדלט ווי מצורעים. אַ פּאַטרול האָט
דאָ אָנגעטראָפן ביינאַכט אַ מאַן און פאַרלאַנגט זיינע
פּאַפּירן; ער האָט זיי געוויזן און געזאָגט: „איך האָב
צען יאָר פאַרבראַכט אויף קאַטאָרגע". „מיר קענען דיך
נישט, חבר", האָט דער פּאַטרול געענטפערט.

וויקטאָר

זאָלט אַריין, טריומפירנדיק, אין די רייד:

זעסטו שוין, און דאָס זענען נאָך ערשט די קנאָספּן. אומ־
צאָליקע אַרעסטירט מען. אין די דרוקערייען ווערט דער
קאָנטראָל תמיד שאַרפער...

שעלינצעוו:

איך ווייס, איך ווייס עס גאַנץ גוט. אָבער איך טרוי
נישט מיינע אויגן. גייט אַרום אין צימער אַ געבראָכענער. שטיל־
שווייגן. גייט צו צו וויקטאָרן. אָבער פאַרוואָס פרייסטו זיך —
פאַרוואָס? מיין גאַנץ לעבן האָב איך געמיינט, אַז מיר
וועלן זיך אויפהייבן קעגן די בלוט-דורשטיקע פּאָליציי־
לייט, קעגן די פּריצים, צום סוף טרעטן זיי אַרויס אויך
קעגן אַרבעטס־מענטשן. מיט חיטאָק. ווי מוראדיק ביטער ער
מוז זיך פילן!

ראַיעווסקאַיאַ

שטיל:

און איר, אַנדריי, מיינט, אַז יענע, אויף וועלכע מיר אַלע
האָבן זיך געוואָרפן דעמאָלט אין מערץ, איז נישט געווען



ביטער? און מיר זענען דעמאָלט פאַרביייגעגאַנגען, כמעט
נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף דעם: אויך דאָרט זענען
דאָ קינדער און פרויען — און אומשולדיקע!

שעלינצעוו:

וואָס מיינט איר דערמיט?

ראַיעווסקאַיאַ:

יאָ, אויב מ'האָט געמעגט באַגיין געוואַלדטאַטן קעגן יענע,
פאַרוואָס זאָל מען זיי נישט טאָרן באַגיין קעגן די יע־
ניקע, וועלכע שטייען היינט כלומרשט אויפן צד פון
„יענע"?

וויקטאָר:

אָהאָ, איר ווילט הייסט עס — — —

ראַיעווסקאַיאַ:

וואַרט נאָר אויף, האָט קיין מורא נישט. אָבער אויך איך,
חי אַנדריי, וויל פאַרשטיין אונזערע קעגנער.

מיכאַעל:

גוט, אָבער מיר האָבן דאָך געקעמפט פאַרן גליק פון דעם
פאָלק, מיר זענען דאָך געגאַנגען צוזאַמען מיטן פאָלק!

ראַיעווסקאַיאַ:

און זיי האָבן היינט נישט קיין פאָלק הינטער זיך? און
אויך זיי, אַ סך פון זיי — טראַכטן נאָר וועגן גליק פון
פאָלק. זיי באַרופן זיך אַפילו אויף אונזער געמיינזאַם
פּראָגראַם!

שטילשווייגן.

ראַיעווסקאַיאַ:

מיר אַלע זענען געווען געוואַלט־מענטשן, און אויך זיי
זענען אַזוי.

וויקטאָר

שמייכלט בייז

שעלינצעוו:

ניין, ניין, חברטע. איר זאָגט, די סאָוועט־לייט זענען אויך
אויסן די טובה פון פאָלק, אָבער צי דען קען מען צו־

ליבן פאָלקס־ווילן צעשטערן זיין אייגענע פרייהייט
איך קען נאָך פאַרשטיין, ווען מ׳וועט אָן געוואַלט קענען
די, וועלכע האָבן אונז אַ גאַנץ לעבן געפּייניקט. אָבער
געוואַלט קעגן די, וועלכע זענען אַ גאַנץ לעבן געפּיי־
ניקט געוואָרן, פאַר וועלכע די רעוואָלוציע איז געווען —
באַפרייונג! יענע טענהן, אַז מיר זענען אַ מינדערהייט —
אַז די בורזשואַזיע האָט אונז אַראָפּגעפירט פון גלייכן
וועג. איך ווייס נישט ווער עס איז די מערהייט — דאָס
וועט ווייזן די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג. — אָבער ווען נישט
אַלע פון אַרבעטנדיקן פאָלק ווילן אָננעמען זייער גליק,
ווי קען מען אים שלעפּן צום גליק איבער געוואַלט?

שטילשווייגן.

ראַיעווסקאַיאַ

שטיל:

גאַנץ ריכטיק... מיר זענען איינמאָל געווען געוואַלט־
מענטשן — דאַרף מען עס טאַקע נישט זיין אַ צווייטן
מאָל — לגבי אַרבעטס־מענטשן. שטילשווייגן. איך פאַרשטיי
אָבער יענע, וועלכע קענען נישט וואַרטן...

וויקטאָר:

מיר האָבן נישט קיין צייט ווי צו פאַרשטיין. איינגיכן גאָר
איינגיכן וועלן קומען געשעענישן! אַזוי אָדער אַנדערש —
די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג וועט זיך צונויפקומען. באַטאָנט יעדן
טראָף זי — וועט — מוזן — פאַרטיידיקט — ווערן! און
דעמאָלט וועט מען רעדן אויף אַ גאַנץ אַנדערן לשון,
נישט וועגן זייער געוואַלט איבער אונז, נאָר וועגן דער...

שעלינצעוו:

קעגן אַרבעטער וועל איך נישט קעמפן! נעם דאָס דיר
אַריין אין זינען! נישט דאָס איז רעוואָלוציע.

וויקטאָר

שטעלט אויפגעלעבט:

דאָס מיין איך טאַקע, נישט מער סתם געוואַלט נאָר:



געווער קעגן די אונטערדריקער פונעם
פאָלקס־ווילן!

ראַיעווסקאַיאַ

שטיל, אָבער מיט אַ פעסטער שטים:

וויקטאָר, וואַרף זיך נישט אַזוי מיט ווערטער...

וויקטאָר:

וואָס הייסט?...

ראַיעווסקאַיאַ:

ווי לייכט איר נעמט דאָ אָן באַשלוסן... וועגן אונזערע
ברידער... די פאַרבלאָנדזשעטע!...

וויקטאָר

מיט כעס:

זיי געהערן מער נישט צו אונז — זיי זענען פרעמדע —
זיי זענען פאַר אונז איצט ווי די אַדעליקע — ווי די
פּריצים...

שעלינצעוו:

גייט צו צו וויקטאָרן מיט ברענענדיקע אויגן און רעדט מיט אַ פאַרשטיקטער שטימע:

זאָג דאָס נישט — זאָג דאָס נישט. דאָרט זענען געווי די
זעלבע אַרבעטער, ווי איך — זיי זענען בלוט פון מיין
בלוט — איך פיל דאָס.

אַלגעמיינע אויפרעגונג.

וויקטאָר

אַביסל אָפּגעקילט:

יאָ, אַנדריי, אָבער וואָס שלאָגסטו פאָר אויף צו פאַרטיי־
דיקן די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג? זאָל מען נישט איינאָרד־
נען גאַסן־דעמאָנסטראַציעס פון אונזערע אַרבעטער?

שעלינצעוו און מיכאַעל:

פאַרשטייט זיך, אַז דעמאָנסטראַציעס, און מיר וועלן אָנ־
טיילנעמען אין זיי.

וויקטאָר:

און אויב מ׳וועט זיי פאַנאַנדעריאָגן מיט פּולעמיאָטן? זאָל

מען — לויט דיין מיינונג — גאָר פשוט בלייבן רויק
ליגן? באַוואָפנטע מוזן מיר אַרויס אין גאַס!
שעלינצעוו:
פאַר קיין פאַל נישט! פּראָוואָצירן בלוט־פאַרגיסונגען?
ראַיעווסקאַיאַ:
מיטן גאַנצן האַרצן בין איך פאַר אַן אומבאַוואָפנטער
פאָלקס־דעמאָנסטראַציע. זיי וועלן קיין העזה נישט האָבן
צו הויבן די האַנט קעגן פאָלק. אָבער וואַרפן האָלץ אין
אַ שייטערהויפן, וואָס פלאַמט שוין אַזוי אויך אַזוי הייס...
שטילשווייגן
וויקטאָר
קאַלט און ענערגיש:
און אויב מ׳וועט זיך אָבער אויסלאַכן פון אייער צוטרוי?
שעלינצעוו
שטייט אויף, אַטעמענדיק שווער:
דעמאָלט וועלן מיר זיך אַנטשליסן — דאַן וועלן מיר
נישט מוחל זיין. נישט צום ערשטן מאָל... טרעפט דאָס
ביי אונז...
שטילשווייגן.
וואָלאָדיאַ
הויבט אָן אונטערצוברומען פאַר זיך שטיל, די אַנדערע זינגען מיט:
„און זאָלן מיר אפילו אונטערגיין
אין קאַטאָרגע און אין נויט..."
דער פאָרהאַנג פאַלט.

## זיבעטע סצענע

דאָס קליינע, אָרעמע שווייצער־צימערל, איבער וועלכעס ס׳קומט
פאָר די זיצונג פון דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג. די העלפט פון
צימער איז פאַרנומען מיט אַ בעט, אויף וועלכער מ׳זעט שלאָפנ־
דיקע קינדער. אויף די ווענט בילדער פון הייליקע. אין צימער־
ווינקל אַן אויוון, אַ טעלעפאָן. דורכן צימער איז דורכגעצויגן אַ
שטריק, אויף וועלכן ס׳הענגט וועש צום טריקענען. פאַרשטיקטע



לופט — טיפע נאַכט. דער שווייצער, אַן עלטערער מאַן, שטייט
אין אַ דינסט־פּאָזע ביים אויוון. אַלעקסאַנדער, מיט אַן אויסערגע־
וויינלעך מידן אויסזען, זיצט אויף אַ באַנק, אויף זיינע פּלייצעס
אַרויפגעוואָרפן אַ מאַנטל.
אַלעקסאַנדער
האַסטיק:
איז תמיד ביי אייך אַזוי שווער צו באַקומען אַ טעלעפאָ־
נישע פאַרבינדונג?
שווייצאַר:
ניין, נישט תמיד, אָבער היינט האָט מען אַזויפיל געקלונ־
גען — פון אַלע זייטן — מיר קלינגט נאָך איצט אין די
אויערן. מ׳האָט קוים געקענט לייגן שלאָפן די קינדער.
מיט אַ זיפץ. וועט ביי אייך דאָרט אויבן עפּעס אַרויסקומען?
אַלעקסאַנדער:
ס׳וועט גאָרנישט אַרויסקומען, מיין ליבער. דעם גאַנצן טאָג
האָבן מיר זיך געקוועלט — זיי ווילן נישט קיין פאַרשטענדיקונג.
שווייצאַר:
איך האָב עס שוין אַראָפגעלעזן פון אייערע פּנימער. איר
גייט אַלע אַרום אַזעלכע בייזע — מ׳האָט קוים דעם מוט
זיך דערנענטערן. און וואָס וועט זיין ווייטער?
אַלעקסאַנדער:
וואָס זאָל זיין?
עס קלינגט.
אַלעקסאַנדער
נעמט די טרייבל:
דאָס ביסטו? נאָך אויף? יאָ — קיין שום פאַרבעסערונג.
קען אויך נישט זיין... די פאַרזאַמלונג ליגט אין די לעצ־
טע גס סה־קאָנוווּלסיעס. אַלע גייען אַרום ווי אין אַ
קראַנקן־צימער. איך קום באַלד — וואַרט, אויב דו קענסט.
לייגט אַוועק די טרייבל.
אַלעקסאַנדער
פול מיט האָפענונג:
דו פרעגסט, וואָס וועט זיין? מיר וועלן ווייטער קעמפן

און אויסבויען אונזער הויז. מיט אייך צוזאַמען. חיל גיין.

**שווייצאַר**

ערנסט:

וועט הייסט עס נישט קומען צו קיין פאַרשטענדיקונג?

**אַלעקסאנדר:**

מיט וועמען?

**שווייצאַר:**

מיט די אַנדערע – מיט אייערע – – חברים.

**אַלעקסאנדר:**

אַן ערלעכער קאַמף איז בעסער איידער אַ שלעכטער שלום. קיין פאַרשטענדיקונג וועט נישט זיין!

**שווייצאַר**

נאָך אַ קורצן נאָכדענקען:

גוט – אָבער אויב אַזוי נעמט אייך אין אַכט: טרעט נישט אָפּ צוריק – טרעט נישט אָפּ פון אייער געוויסן – פון אייך גופא. גלויבט נישט, אז מיר זעען אייך נישט דאָרט אויבן: דאָס פאָלק (באַווייזט מיט אַ ברייטן זשעסט אויפן צימער) זיצט אונטער די טרעפּ און זעט אַלץ, וועט איר שטיין פעסט אויף די פיס, וועט עס גיין מיט אייך – אויף לעבן און טויט. וועט איר בויגן דעם רוקן, וועט עס אייך נישט שוינען, ווי ס'האָט נישט געשוינט די אַנדערע.

**אַלעקסאַנדר**

פאַרקלערט זיך אויף אַ ווײַלע און דערנאָך אויפגעלעבט:

חבר, מיר וועלן נישט בויגן דעם רוקן אין אַזאַ צייט צוואָס שטאַרבן? מיר ווילן לעבן! מיר וועלן לעבן

דריקט אים פעסט די האַנט.

פאָרהאַנג פאַלט.



## אַכטע סצענע

אַלעקסאַנדערס גרויס אויפנאַמצימער. פריע מאָרגנשעה. אַ בלוילעך ליכט דרינגט אַריין דורך די אַראָפּגעלאָזטע גאַרדינן; ס'ברענט בלויז אַ לעמפּל. מאַריאַ, אין אַ לייכט נאַכט־קלייד, איינגעוויקלט אין אַ טוך, גייט אַרום אומרויִק איבערן צימער און קוקט אַרויס יעדע ווײַלע דורכן פענצטער. פון פאָדערצימער הערט זיך אַן אומדרייסטער קלונג. מאַריאַ עפנט די טיר און פירט אַריין אַלעקסאַנדערן. ער זעט אויס נאָך מידער, ווי אין דער פאָריקער סצענע, אָבער אויפגעלעבט און מונטער — די אויגן ברענען מיט פיבער. לאָזט זיך אַראָפּ אויף אַ שטול גלייך נעבן טיר.

**מאַריאַ**

געשפּאַנט:

נו?

**אַלעקסאַנדר**

שאָקלט מיטן קאָפּ:

יאָ.

**מאַריאַ:**

וואָס?

**אַלעקסאַנדר:**

אַ סוף! ס'איז פונקט אַ שעה – ווי ס'האָט זיך געענדיקט.

**מאַריאַ**

פאַלט דערשעפּט אויפן דיוואַן.

אַ לאַנג, שווער שווייגן. אין דער שטילקייט פון דער נאַכט הערט מען שאַרף ווי ס'שלאָגט דער זייגער.

**מאַריאַ**

מיט אַ פאַרשטיקטער שטים:

פאַנאַנדערגעיאָגט — הייסט עס?

**אַלעקסאַנדר:**

יאָ...

שטילשווייגן

**מאריאַ**

פאַרבראָכט די הענט:

האָט עס געמוזט געשען?

**אַלעקסאַנדר**

שפּרינגט אויף אין אויפרעגונג:

ס'איז געווען אומפאַרמיידלעך. דו ווייסט, שוין פון גאַנץ פרי אָן זענען אַלע, זיי און מיר, אַרומגעגאַנגען ווי גע־שטעמפּלטע! מיר האָבן זיך איינע די אַנדערע נישט דער־קענט.

אַ לאַנג שטילשווייגן.

**אַלעקסאַנדר:**

זיי זענען געקומען אין נאָמען פון פאָלק — און מיר האָבן געוווּסט, אַז דאָס פאָלק איז מיט אונז.

**מאַריאַ**

אין שטילער פּיין:

איצט איז צעבראָכן מיין לעצטע האָפנונג. גיט זיך ליידנ־שאַפטלעך אַ ריס אויף די פיס. איך האָב געגלויבט, אַז די דאָזיקע שנאה וועט דאָ, ווו איר זענט אַלע גלייכבאַרעכ־טיקט, אויפהערן. נאָך אַ קליינער פּויזע. טאַקע קיין איין איינציקער פונק פון קעגנזייטיקער פאַרשטענדעניש...

**אַלעקסאַנדר**

פאַנטאַסטירט רויק:

עס זענען געווען מאָמענטן, ווען מיר פלעגן זיך פאַר־געסן — און דעמאָלט פלעגט שטיל אַריינדרינגען אין אונ־זער האַרץ דער טרויער אויף דאָס פאַרגאַנגענע. מיר האָבן זיי פאַרגעלייגט אונזער פּראָגראַם. דאָרט זענען נישט גע־ווען קיין אויפגעבלאָזענע רעדעס, — ווי לייכטע פייגל האָבן אַרומגעפלאַטערט אונזערע ווערטער — און ווען דו וואָלסט געזען, ווי מ'האָט זיי אַפּלאָדירט — די דאָזיקע ווערטער — אין זאַל — אויף די גאַלעריעס, אומעטום! זיי אָבער האָבן געשוויגן, זיי האָבן קיין וואָרט נישט גע־ענטפערט! (אויפגערעגט). און מיר האָבן דאָך גערעדט וועגן



שלום — וועגן ערד — וועגן דער הערשאַפט פון פאָלק! זיי זענען געווען געשמידט דורך דעם דעספּאָטיזם פון דער פּאַרטיי, דורך דער טראַדיציע — דורך שנאה — איך האָב אין די פינגערשפּיצן געשפּירט, אַז מיר האָבן דאָ פאַר זיך אַ וואַנט, וועלכע מען קען נישט איבערשפּרייזן!...

ווען מיר האָבן אָבער אָנגעהויבן צו זינגען דעם אינטער־נאַציאָנאַל, זענען זיי אַלע אויפגעשטאַנען ווי איין מענטש.

שטילשווייגן.

**אַלעקסאַנדר:**

מיר האָבן געזונגען מיט שטאָלץ, מיט ליידנשאַפט — אַרויספאָדערנדיק — און אויך צווישן זיי האָב איך געזען אייניקע, וועלכע האָבן אַזוי געזונגען. איך האָב געזען, אַז ביי אַ סך זענען די אויגן פייכט געוואָרן. לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ. דער געזאַנג האָט אונז פאַרטראָגן אין דער הויך — אונזער שטרייט איז אונז אין דאָזיקן אויגנבליק פאָרגע־קומען ווי משוגעת! ס'אַראַ סך קעמפער און ברידער, סאַראַ סך פון אונזערע לערער זענען צווישן זיי געשטאַנען. ס'קען זיין, אַז אין די דאָזיקע רגעס האָט דאָס גאַנצע געקוועלטע רוסלאַנד געפרעסט איר שטערן צו די שויבן פון פּאַלאַץ — זי האָט אפשר דערוואַרט די שלום-פאַרבינדונג פון די אַמאָליקע ברידער.— איך האָב געזונגען אָן ווערטער — און ווי א קינד גע־וואַרט אויף אַ נס, וואָס זאָל אונז וואַרפן איינע די אַנ־דערע אין די אָרעמס. און מיט אַ ביטערן שמייכל אויך דו ביסט געשטאַנען פאַר מיינע אויגן אויף איין רגע... יאָ, אָבער שפּעטער — דער געזאַנג האָט גענומען פאַרקלינגען— אויף די פּנימער האָבן זיך צוריק געלייגט די שאָטנס — ווידער וואָכעדיקייט — די פּאַרלאַמענט-מאַשין איז אוועק־געלאָזט געוואָרן אין פולן גאַנג — מיר זענען אַרויסגע־טראָטן — זיי זענען אַרויסגעטראָטן — ס'איז נישט גע־ווען קיין פאַרשטענדיקונג — ס'איז אפילו דער ווונטש נישט געווען זיך קעגנזייטיק צו פאַרשטיין. גייט אַרום אין צימער הין און צוריק. און ווייסטו וואָס דאָס שרעקלעכסטע איז

געווען — וואָס זיי האָבן באַנוצט כמעט דיזעלבע ווער־טער וואָס מיר. אָבער ס'איז נישט געגאַנגען אין די ווער־טער, — דער עיקר איז געווען דער טאָן, די שטים, מיט וועלכער זיי זענען געזאָגט געוואָרן, די ליפּן־באַוועגונג! די פּנימער! איך האָב געזען, אַז זיי קענען נישט גיין מיט אונז צוזאַמען, אַז דער אונטערגאַנג פון די סאָ־וועטן איז זיי אַבסאָלוט נויטיק, אַז זיי זענען געקומען שוין מיטן דאָזיקן באַשלוס.

מאַריאַ

זיצט די גאַנצע צייט מיטן קאָפּ געשטיצט אויף די הענט. איר געזיכט קען מען נישט זען.

אַלעקסאַנדר:

און דאָ ערשט איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז אין יענעם זאַל האָבן זיך געפונען איינע קעגן דער צווייטער צוויי פרעמ־דע וועלטן. איינע האָט געשטורעמט פאָרויס צו אַן אומ־באַקאַנטער צוקונפט, די אַנדערע האָט זיך מיט צעבראָכענע פליגל געשלעפּט צוריק, צום עבר... און מיר זענען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען.

מאַריאַ:

און ווער, ווער האָט איר געגעבן דעם לעצטן קלאַפּ?

אַלעקסאַנדר:

איז דען נישט אַלץ איינס? זיי דורך זייער עקשנות — מיר דורך אונזער אנטשלאָסנקייט.

מאַריאַ:

נו, און איצט וואָס? פאַנאַנדעריאָגן? אַרעסטן? באַגנעטן?

אַלעקסאַנדר

נאָך אַ קורצער פאַרטראַכטקייט, מיט אַ פעסטער שטים:

יאָ, פאַנאַנדעריאָגן, און באַגנעטן—אויב ס'וועט נויטיק זיין!

מאַריאַ

שפּרינגט אויף אין ליידנשאַפטלעכן וויסאַק:

צי דען טוט דיר דאָס נישט ווי? קען מען דאָס אַרויס־רייסן פון האַרצן?



אַלעקסאַנדר:

יאָ, ס'טוט וויי — — אָבער מיר — מיר זענען שטאָלץ מיט דער דאָזיקער טאַט! מיר האָבן היינט גובר געווען די וועלט־געשיכטע!

מאַריאַ:

דורך דער דאָזיקער געוואַלדטאַט?

אַלעקסאַנדר:

דאָס איז אַ געוואַלדטאַט קעגן דעם עבר. איך האָב געזען, ווי יענע, פון צווייטן לאַגער, זענען לעבעדיקערהייט גע־שטאָרבן. — די רעוואָלוציע האָט געמאַכט נאָך אַ טריט פאָרויס.

מאַריאַ:

היינט זענען געווען שיסערייען — זענען דאָ הרוגים?

אַלעקסאַנדר:

יאָ, ניקאָלאַי איז אַרומגעפאָרן און געבראַכט די ידיעות. עס זענען אָבער געווען נאָר דריי טויטע און אייניקע פאַרווונדעטע.

מאַריאַ:

דו זאָגסט נאָר דריי טויטע?... דאָס זאָגסטו! פירט מיטן האַנט איבערן שטערן גרויסער גאָט, ווער האָט אייך אַזוי געשלאָגן מיט משוגעת!

אַלעקסאַנדר:

שטייט אויף, גייט צום פענסטער, פאַררוקט די גאַרדינען מיט איין ריס אין אַ זייט — שטראַלנדיקע מאָרגנזון פאַלט אַריין אין צימער, אַלעקסאַנדר פאַרלייגט די הענט הינטערן קאָפּ מיט אַ מונטערן שמייכל:

זע, מיין קינד, ס'איז שיינער טאָג עס גייט אויף! גאָט, ווי מיד איך בין!..

דער פאָרהאַנג פאַלט

# דריטער אַקט

פּעטראָגראַד, אָנהויב פעברואַר 1918.

## ערשטע סצענע

א שמוציקער שענק אין א האַלב־טונקעלער גאַס. די נידעריקע פענסטער זענען פאַרשמירט, פול מיט פליגן־טינוף. אין הינטער־גרונט זעט מען דעם בופעט. אין צימער זענען אָנגעשטעלט איינער נעבן צווייטן קליינע טישלעך, ביי וועלכע עס זיצן שוואַרץ־אַרבעטער, ווי אויך פּרויען אין קאָפּ־טיכלעך. די טיר האַלט זיך אין איין עפענען. צוזאַמען מיט דער שאַרפער ווינטער־לופט קומען אַריין פורמאַנעס, גאַסן־יונגען און אַלערליי בלאַטע חברה. א קאַטערינקע שפּילט א סענטימענטאַל לידל.

ביי א טיש זיצן און טרינקען טיי: שעלינצעוו, וויקטאָר, וואָלאָ־דיאַ, ראַיעווסקאַיאַ; זיי זענען פאָלקסטימלעך געקליידט, ראַיצוו־סקאַיאַ טראָגט אויך א קאָפּ־טוך. צוזאַמען מיט זיי זיצט אַן אומבאַקאַנטע פּערזאָן מיט א הוט, וואָס איז טיף אַראָפּגע־צויגן איבערן שטערן. אין דער האַלטונג פון אַלע מענטשן פילט מען נערוועזיטעט, געשפּאַנטע דערוואַרטונג און מיט געוואַלט־איינגעהאַלטענע רויקייט. וואָלאָדיאַ באַטראַכט אויפמערקזאַם די אַריינקומענדיקע און די טישן אין טראַקטיר. די גאַנצע האַנדלונג שפּילט זיך אָפּ אין גרויס אייַלעניש.

**וויקטאָר**

צום אומבאַקאַנטן:

נו, יאָ, די לאַגע איז קלאָר. מיר זענען אין דער זעל־בער מיינונג, ווי דער קאָמיטעט. נאָך דער צעטרייבונג



פון דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג, וועט זיך שוין קיינער נישט וואַקלען. קוקט פון איינעם צום אַנדערן.

**שעלינצעוו**

מיט א בלייך פּנים, אָבער פעסט:

יאָ, איצט איז שוין דורכגעשניטן די לעצטע פאַרבינדונג. איצט וועלן מיר ריידן מיט א גאַנץ אַנדערן לשון.

**דער אומבאַקאַנטער**

שטיל:

איז מען דאָ זיכער? זענען מיר גוט באַשיצט?

**שעלינצעוו:**

איך גלויב, אַז יאָ! אויפן גאַס שטייען אונזערע מענטשן, אויך דרינען זיצן אייניקע ביי יעדן דריטן טיש. זיי האָבן ברוינינגס — ביים קלענסטן חשד הויבן מיר זיך אויף.

ער חינקט זיך דורך מיטן פורמאַן ביים נאָנסטן טיש — דאָס איז דער איבערגעטוענער מיכאַעל.

**דער אומבאַקאַנטער**

שטיל, אַלע בויגן זיך איין צו אים:

דער קאָמיטעט נעמט אין אַכט די אַלגעמיינע שטימונג אין לאַנד. איצט, נאָך דער צעטרייבונג פון דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג, וועלן ביים פאָלק זיך עפענען די אויגן. עס שאַפט זיך איצט א גוטע געלעגנהייט.

דער קעלנער קומט צו צום טיש מיט פרישן טיי. אַלע שטעלן אָן די אויערן. איינער זאָגט אים עפּעס — ער גייט אַוועק.

**דער אומבאַקאַנטער:**

מיר מוזן געבן אַן ענטשיידנדיקן קלאַפּ. מיר האָבן לאַנג געקלערט ווי און ווו. אין סמאָלני־אינסטיטוט*) איז עס שווער און ס'וואָלט געפאָדערט צו פיל קרבנות. מיר האָבן אַן אַנדער פּלאַן.

אַלגעמיינע שפּאַנונג.

*) וווּ ס'געפינט זיך די סאָוועט־רעגירונג.

**דער אומבאַקאַנטער:**

אײַך איז מן־הסתם באַקאַנט, אַז די קאָמיסאַרן האָבן באַשלאָסן איבערצופֿאָרן קיין מאָסקווע — זיי פֿאַרזיכערן, אַז דער פֿײַנט איז נאָענט, אָבער נישט דאָס איז די ריכטיקע סיבה. דאָ ברענט זיי די ערד אונטער די פֿיס.

שעלינצעוו פֿאַרבײַסט די ליפּן, ראַיעווסקאַיאַ בויגט דערשראָקן אַראָפּ דעם קאָפּ.

זיי וועלן בײַנאַכט אָפּפֿאָרן פֿון אַן אומבאַקאַנטן פּונקט אויף דער ניקאָלאַיעווער אײַזנבאַן־ליניע — דעם דאָזיקן פּונקט וועלן מיר אויסשפּירן...

**וויקטאָר:**

און איר ווילט...

**דער אומבאַקאַנטער**

נאָך שטילער:

מיר ווילן דעם דאָזיקן קאָמיסאַרן־צוג...

ראַיעווסקאַיאַ שרײַט אויף אַ קלאַנג. — שטילשווײַגן.

**שעלינצעוו**

ווי אַ שווערע משא וואָלט איר אַראָפּגעפֿאַלן פֿון די פּלייצעס:

דער קאָמיסער זוכט מענטשן — גוט, איך טרעט אַרײַן אין דער קאַמף־גרופּע.

**ראַיעווסקאַיאַ**

נאָך אַ שווערן קאַמף:

איז עס דען אומפֿאַרמײַדלעך? אפֿשר זאָלן מיר צוערשט פּרוּווירן מיט דעמאָנסטראַציעס, מיט מאַסן־פּראָטעסט־פֿאַרזאַמלונגען? וועלן אונדז דען די מאַסן פֿאַרשטיין? אויך דאָרט זענען דאָ...

**שעלינצעוו**

מיט אַ לײַדנשאַפֿטלעכן צאָרן, אויסברוך:

שווײַג, נאַדיאַ! צי דען האָסטו שוין פֿאַרגעסן אונדזער פֿרידלעכע דעמאָנסטראַציע אין טאָג פֿון דער נאַציאָנאַל־פֿאַרזאַמלונג? ווי אַזוי מ'האָט געשאָסן אין די אומבאַוואָפֿנטע דעמאָנסטראַנטן? ווי אַזוי אַרבעטער זענען געלעגן אונטער דער רויטער פֿאָן — און טאַניאַ —



**דער אומבאַקאַנטער**

רויִק:

דער קאָמיסער האַלט, אַז די צײַט פֿאַר מאַסן־דעמאָנסטראַציעס וועט קומען שפּעטער. איצט מוז שאַרף געענטפֿערט ווערן פֿאַרן אָנגריף אויף דאָס פֿאָלקס־הייליקטום. ווען מען איצט נישט נעמען קיין נקמה פֿאַר דאָס פֿאַרגאָסענע בלוט, וועט עס דאַן ווײַטער שטראָמען גאָר אָן אַ ברעג.

**ראַיעווסקאַיאַ**

האַלט צו דעם קאָפּ מיט די הענט, רעדט צו זיך אַליין:

פֿאַר טאַניען — אַ גאַנצן צוג — וואָס וואָלט זי גופֿא געזאָגט דערצו?

**וויקטאָר**

אין שטילער אויפֿגערעגטקייט:

אָט אַזוי איז תּמיד בײַ אונדז: אַ מינוט פֿאַר דער שלאַכט, ווען עס איז שוין קיין אַנדער אויסוועג נישטאָ, זענט איר נאָך גרייט לייגן קלעצער צווישן די רעדער. איר לײַדט צו ווייניק פֿון דעם אַלעם, נאַדיאַ.

**ראַיעווסקאַיאַ**

מיט אַ פּלוצלונג אויפֿפֿלאַמענדיקער שטים און גרויסע טרויעריקע אויגן:

וואָס ווייסט איר דערפֿון? איך לײַד דאָפּלט.

שטילשווײַגן.

**דער אומבאַקאַנטער:**

ווער טרעט אַרײַן אין דער גרופּע? איר, אַנדריי? יאָ?

**שעלינצעוו:**

יאָ. און וויקטאָר אויך? און טאַניאַ? איך האָב נאָך צוויי אײַזנבאַן־אַרבעטער גראָד פֿון יענער ליניע.

**ראַיעווסקאַיאַ:**

איך טרעט אַרײַן אין דער גרופּע.

אַלע קוקן זי אָן דערשטוינט.

**ראַיעווסקאַיאַ:**

וואָס קוקט איר אַזוי אויף מיר? איך טרעט אַרײַן אין דער קאַמף־גרופּע — איך וויל אַזוי גוט ווי איר באַצאָלן

מיט זיך פאַר אונזער זאַך! אויפגעלעבט איך וועל דערביי
קענען זיין זייער נוציק... אַלס פרוי... איך וועל זיך
בעגוי דערקונדיקן ווען זיי פאָרן — — —

**וויקטאָר**

קוקט זי אָן האַלב דערשטוינט, האַלב באַגייסטערט — נעמט איר האַנט.

**ראַיעווסקאַיאַ:**

פאַרוויסלט זיך, מיט באַגייסטערונג:

מיר וועלן אַרונטערפאַלן אונטער די רעדער, מיר וועלן
שטאַרבן צוזאַמען מיט יענע, אונזער בלוט וועט זיך אויס־
מישן — דאָס גאַנצע פאָלק וועט דערשיטערט ווערן! זאָל
עס סוף־כל־סוף באַגרייפן, ווּהין דער ברודער־קאַמף האָט
עס געפירט. זיי וועלן זיך דאַן אָפּגעבן אַ קלאָרן דין־
וחשבון — זיי און מיר.

שטילשווייגן.

**דער אומבאַקאַנטער**

מיט אַ געשעפט־טאָן:

מיר מוזן דאָ נאָך א סך אַרומריידן — איר קענט דאָך
די אַדרעסן פון די לעצטע קאָנספּיראַטיווע דירות?

אַלע בויגן זיך איין צו אים.

פאָרהאַנג פאַלט.

---

## צווייטע סצענע

אַלעקסאַנדערס אַרבעטס־צימער; העלער טאָג.

אַלעקסאַנדער ליגט אויפן דיוואַן — שטאַרק געעלטערט. אַ צייט
לאַנג ליגט ער אומרויִק מיטן פּנים אַראָפּ — דער קאָפּ פאַר
גראָבן אין די הענט. ער הויבט זיך אויף, גייט אַרום אומרויִק
איבערן צימער, גייט צו צום פענסטער — טיף פאַרזונקען אין
מחשבות, ווי ער וואָלט זיך אָנגעשטרענגט עפּעס צו דערמאָנען.
גייט צו צום טיש און צעקנייטשט נאַכלעסיק די פּאַפּירן. דערנאָך
נעמט ער אַ צייטונג, עפנט זי אויף, גייט אַרום אין צימער
אַהין און אַהער האַלטנדיק די צייטונג אויפן רוקן, פון צייט צו צייט
קוקט ער אַריין אין צייטונג און דעקלאַמירט פערזן פון אַ געדיכט:

*) די פראַגמענטן פון בלאָקס „צוועלף" זענען גענומען לויט די איבער־
זעצונגען פון אַלטער קאַציזנע און ש. ל. שמואל פאָן. דער איבערזעצער.



דער הימל פינסטער־שוואַרץ,
כּעס, אומעט און כּעס
איבערפולט דאָס האַרץ.
שוואַרצער כּעס, הייליקער האַס...
חבר, ווי דו הייסט!
קוק, ווי דו גייסט!

עפּעס זיך אַנידער, שטייט אויף, גייט ווידער אַרום, ווי נאָ־
באַלעבט. די שטימע קלינגט פעסטער.

עס ווייט, און ס'הערט נישט אויף דער שניי.
צוועלף מענטשן גייען פעסט אין ריי.
ביקסן־רימען. קאַלטער שטאָל.
און פייערלעך אַרום — אָן צאָל...

די שטים קלינגט באַפעלעריש:

שפּאַנט מיט רעוואָלוציאָנערע טריט!
ס'לויערט דער שונא, ער דרעמלט נישט!

אַלץ מער אויפגעלעבט:

די בורזשויען אויף צו שטייער,
לאָמיר אויפבלאָזן אַ פייער.
זינגט אַ וועלט אין בלוט און פלאַם!
גאָט וועט העלפן מן הסתם.

פאַרזינקט ווידער אין מחשבות. זיין אויפגעלעבטקייט זינגט, ווערט אויס־
געלאָשן. ער שפּאַרט זיך אָן מיטן רוקן אין טיר און חזרט כּסדר:
„אין בלוט — אין בלוט — אין בלוט — גאָט וועט העלפן
מן הסתם"! אויף זיין געזיכט איז אויסגעגאָסן טרויער. הויבט ווי־
דער אָן אַרומצוגיין איבערן צימער, מיט צאַרנדיקער שטימע:

האָסט נישקשה זיך צעזונגען,
ביסט אַ אשה, פעטקע, זאָג?
וואָס אין האַרצן אויף די לונגען,
גיסטו אויס דו נאַריש טראָפּ?

מיט האַרטער שטימע:

הויך, פעטרוכע, האַלט דעם קאָפּ!
לאָז זיך, חבר, נאַר נישט אָפּ!

שטעלט זיך פאַרן שפּיגל, אויפן פּנים ליגן שווערע שאָטנס.

זיך מיט דיר איצט אומצוטראָגן,
איז די צייט נישט, טייער פריינט!
ס'איז באַשערט אונז נאָך צו טראָגן,
לאַסטן שווערערע ווי הײַנט.

ערט שטיל; פירט אַדורך מיטן האַנט איבערן שטערן, ווי פאַרטרייבנ־דיק פינסטערע געדאַנקען, דאָס פנים ווערט היטער שטרענג — די שטימע שטאַרקער:

שטאַנט מיט רעוואָלוציאָנערע טריט.
ס'לויערט דער פיינט, ער דרעמלט נישט!

זײַן שטימע ווערט האַרט ווי שטאָל — העל ווי בײַם פויקן־שלאָג:

די רויטע פאָן,
זי פלאַטערט, קנאַקט.
עס הערט זיך קלאָר
אַ טריט אין טאַקט.
דער בלוטיקער פיינט,
אָט, אָט דערוואַכט!
פאָראויס. פאָראויס
איר אַרבעטלייט!

ברט זיך איין, אַריבערגעבויגן נאָך פאָרנט, ווי ער וואָלט הערן די טריט. ווי צרשעפט ענדיקט ער שטיל דאָס ליד:

זיי גייען מיט שטאָלצע טריט אַלץ ווייטער...
הינטן שלעפט דער הונט זיך מיט...
פאָרנט מיט אַ פאָן אַ רויטער...
...און מיט רויזן ווייס באַקראַנצט
זיי פאָראויס – גייט יעזוס קריסט...

זעצט זיך אויפן דיוואַן — אויף זײַן פנים ליגט טיפער ווייטאָק:

...אין בלוט, אין בלוט
גאָט וועט העלפן מן השמים!

אַ לאַנג שטילשווײַגן, שטייט לאַנגזאַם אויף, שטרענג:

הויך, פעטרוכע, האַלט דעם קאָפּ!
לאָז זיך, חבר, נאָר נישט אָפּ!

גייט שנעל אַוועק.

פאָרהאַנג פאַלט



## דריטע סצענע

מאַריאַס וווין־צימער. אויף די ווענט הענגען פאָרטרעטן פון פאַרשידענע שרייבשטעלער. ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף שטייט מאַריאַ אויף פון דיוואַן און גייט אַנטקעגן דער אַריינ־קומענדיקער ראַיעווסקאַיאַ. מאַריאַ איז אויפגערעגט, אָבער זי באַהערשט זיך, אירע אויגן זענען פול מיט דערוואַרטונג.

ראַיעווסקאַיאַ

טרויעריק, בלייך, מיט געשפּאַנטן געזיכטס־אויסדרוק. בײַדע זענען יונגע, בליענ־דיקע פרויען.

מאַריאַ:

אַנטשולדיקט מיר. וואָס איך האָב אײַך אויפגעהאַלטן
אין יענעם צימער, אָבער כ'האָב נישט דערוואַרט...

ראַיעווסקאַיאַ:

איך האָב אויך נישט גערעכנט...

מאַריאַ

פירט זי צום דיוואַן:

כ'בעט אײַך, זעצט זיך צו.

שטילשווײַגן.

מאַריאַ:

איר האָט זיך אַזוי שטאַרק פאַרענדערט!

ראַיעווסקאַיאַ

שמייכלט שוואַך, ווי באַוווסטלאָז:

אין דער דאָזיקער צייט...

מאַריאַ:

אָבער וואָס הייסט? איר שטייט דאָך אַזוי נאָענט צו די געשעענישן אין לאַנד! איר האָט דאָך אוממיטלבאַר אָנ־טיילגענומען אין זיי. צי דען גיט עס נישט קיין באַ־פרידיקונג?

ראַיעווסקאַיאַ:

יאָ, כל זמן מ'געפינט זיך בײַ די מאַסן – כל זמן מען זעט די פנימער און די אויגן – פילט מען זיך גוט...

זייער גוט. אָבער אויך דאָס פֿאַרלירט מען אָפּט, למשל, איצט...

**מאַריאַ**

*חי זיך דערמאָנענדיק:*

אַך, יאָ — איר ווערט דאָך איצט פֿאַרפֿאָלגט!

*שטילשווייגן.*

**מאַריאַ:**

סאַראַ אומגערעכטיקייט פֿון גורל דאָס איז!

**ראַיעווסקאַיאַ:**

ערשט נאָך גרויס מאַטערניש האָב איך געקענט צוקומען צו אייך — סאַראַ אַכזריותדיקע צייט! ס'איז שווער אָפּצוהאַלטן די בעסטע פֿריינט פֿון...

**מאַריאַ:**

יאָ, ס'איז שווער אָפּצוהאַלטן די בעסטע פֿריינט פֿון... איר זענט גליקלעכער פֿאַר מיר. איך שטיי אין אַ זייט—גאָר זעלטן האַלט איך זיי אָפּ. איר אָבער געפֿינט זיך אין רעכטן מיטן פֿון האַנדלענדיקע מענטשן... איר קענט אין דער ריכטיקער צייט באַווירקן, וואָרענען...

**ראַיעווסקאַיאַ**

*שמייכלט טרויעריק.*

**מאַריאַ**

*אויפֿגעפֿלאַמט, האַסטיק:*

זיי אַלע זענען אונז געוואָרן אַזוי פֿרעמד, אַזוי פֿרעמד! וואָס מ'זאָל זיי נישט בעטן — אומעטום זענען זיי חושד פֿאַרראַט! נישטאָ מער קיין רחמנות!

**ראַיעווסקאַיאַ**

*שטיל:*

און אייער מאַן... איז אַלעקסאַנדער איוואַנאָוויטש אויך אַזאַ?

**מאַריאַ**

*קוועטשט די באַרקעס:*

יאָ, מיר שיינט אַזוי; זיי אַלע טראַכטן נישט מער וועגן



יחיד, זיי זעען נאָר די מענטשהייט פֿאַר זיך — די גאַנצע מענטשהייט. נאָר צוליב איר אַרבעטן זיי. *מיט ליידן.* שאַפֿטלעכן ווייטאָק אויף אונז, אויף מיר קוקן פֿון אַלע זייטן הונדערטער, טויזנטער אויגן, פֿול מיט תחנונים, פֿאַרוואורפֿן, שנאה. וווהין אַנטלויפֿט מען פֿון זיי? *איר קאָפּ זינקט אַראָפּ אויף אירע הענט. דערמאָנט זיך פּלוצלונג* אַנטשולדיקט, איך האָב זיך פֿאַרגעסן...

**ראַיעווסקאַיאַ**

*פֿאַרטראַכטערהייט:*

ווי גליקלעך איר זענט!

**מאַריאַ**

*מיט אַ ביטערן שמייכל:*

אַך, ווער קען זאָגן, ביי וועמען ס'געפֿינט זיך דאָס דויערנדיקע גליק...

**ראַיעווסקאַיאַ**

*דערשטוינט:*

דויערנדיק גליק? וועמען איז דאָס באַשערט? דאָס איז אַ מתנה פֿון גורל! אייביק וועט מען עס זוכן צו באַקומען — אויף צו להכעיס דעם גורל — חען נאָר אַפֿילו אַ פֿאַרשוועבנדיקן שאָטן דערפֿון.

**מאַריאַ**

*פֿאַר זיך אַליין:*

וואָס איז אייגנטלעך דער חילוק, ווי אַזוי דאָס גליק ווערט פֿאַרשווונדן: אַמאָל איז מען עס מקריב פֿאַר אַן אַנדער מענטשן — אַמאָל פֿאַר אַן אידעע, פֿאַר אַ קערפּערלאָזער גרויזאַמער איבערצייגונג... *ביידע זיצן אין שטילן, שווייגנדיק טרויער.*

**ראַיעווסקאַיאַ:**

איך וויל אייך עפּעס זאָגן! צוליב דעם טאַקע בין איך געקומען. איר זאָלט איצט נישט פֿאָרן קיין מאָסקווע...

*מאַריאַ ווענדט צו איר דערשטוינט דעם פּנים.*

ראיעווסקאיא

אויפגערעגט, גליענד:

פארט נישט אהין. איך האב געהערט, אז דער קאמי־סארן־צוג פארט דארט דעם 25־טן. זעצט זיך נישט אין דאזיקן צוג...

מאריא

שפרינגט אויף:

פארוואס — וואס איז געשען?

ראיעווסקאיא:

פרעגט מיך נישט — און דערציילט עס נישט קיינעם... ריכט זיך אזוי איין, אז איר זאלט נישט פארן. גיט זיך אן פאר קראנק. פארט שפעטער!

מאריא

פיבערנדיק:

פארוואס?... זענען ביי אונז דא בוגדים? דאס מוז מען דאך וויסן — דארט וועלן דאך זיין א סך מענטשן...

כאפט אן ראיעווסקאיאן ביי די הענט.

ראיעווסקאיא

צעטומלט:

אך, פרעגט בעסער נישט — ס'איז דאך נישט וויכטיק פארוואס... ניין — נישט ביי אייך — מ'חוץ אייערע רייען!...

מאריא

קוקט אן ראיעווסקאיאן מיט א לאנגן, פארשנדיקן בליק. כאפט זיך אן ביים קאפ:

און איר ווייסט עס — און איר זענט צווישן זיי — איר שוינט נישט אייער אייגן לעבן!

ראיעווסקאיא

אויסער זיך:

מיין לעבן — איז עס דען נישט גלייכגילטיק, ווו עס הענט אונטער די רעדער... איך וויל ביידע פארבינדן. איך ווייס, אין ביידע לאגערן זענען דא גייסטיק־קרובהשע מענטשן, זיי וועלן קומען שפעטער, אין דער צוקונפט



איינער צום צווייטן — מען מוז זיי צוזאמענשמעלצן, זאל זיין דורך בלוט...

מאריא

קוקט אויף איר מיט שרעק.

ראיעווסקאיא

אפטרעטנדיק צו דער טיר:

איך בין גליקלעך, וואס איר ווייסט עס איצט...

פארהאנג פאלט.

---

## פערטע סצענע

אויפנאם־צימער. צוערשט יוליע אליין. אלעקסאנדר קוקט אריין אין טיר און קומט דאן ארויס אין מיטן צימער.

אלעקסאנדר:

זענען די קרובים ענדלעך אוועקגעפארן? לאזט זיך אראפ אין א שטול. שטילשווייגן. זיי מיינען, די רעגירונג־מאכט גיט עפעס באמת דעם מענטשן...

יוליע:

פונדעסטוועגן זענען צווישן אייך דא א סך, וואס בארוישן זיך מיר איר.

אלעקסאנדר

מיט פארדרוס:

אך, די שכרות פון הערשן, וועמען שלאגט זי דען נישט צום קאפ! אבער וויפל זענען דא צווישן אונז אזעלכע, וואס וואלטן בעסער געוואלט זיין אונטן, ביי די מאסן.

יוליע

פלאקערט פלוצלונג אויף:

אלע — ביזן לעצטן, זענט איר פארדארבן דורך אייער מאכט.

אלעקסאנדער

מיד:

וואָס ווילסטו? צי דען פאַרטיידיקן מיר אונזער מאַכט אַלס אַזעלכע?

יוליע:

יאָ, טאַקע יאָ! איר האָט שוין מורא אַרויסצולאָזן זי פון אייער האַנט. געשטיקט פון צאָרן. זע, דאָס גאַנצע לאַנד איז ווי אַן אָפענע ווונד — זי ווייטאָקט, ווען מען רירט זיך נאָר צו צו איר...

אלעקסאנדער

חיל איר איבעררייסן די רייד.

יוליע:

לאָז מיר אויסריידן! איר האָט אָנגעהויבן ריכטיק. דו ווייסט גאַנץ גוט, כ'האָב אייך געגעבן רעכט — אָבער ווו זענט איר אַוועק?... רציחות אָן אַ סוף... אייערע תפיסות זענען מענטשנפאַסטקעס... אַלע אַריינגעצויגן אין בירגער־קריג...

אלעקסאנדער

צענעמט טרויעריק די הענט:

מייסטנס טוט עס דאָס פאָלק אַליין. מיר זענען נאָר זיינע אויספירער!

יוליע:

אויך דאָס איז נישט אמת! איר מאַכט אַ בלבול אויפן פאָלק... איר טוט אַלץ אָפּ הינטער זיין רוקן...

אלעקסאנדער

שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין:

דו זעסט פאַלש, מיין קינד... אַ פּאָר הונדערט מענטשן קענען נישט רעגירן מיט אַ לאַנד... צי האָט דען אונזער רעוואָלוציע אָנגעצייכנט אויף איר פאָן באַשטימטע נעמען?

יוליע:

נו, זאָל זיין אַזוי! אָבער אויב דאָס פאָלק באַגייט אכזריותן, צי דען מוזט איר עס דולדן?



אלעקסאנדער:

דאָס זאָגן מיר אים אויך... אָבער אָפּט קען עס נישט אַנדערש. שטילשווייגן. עס האָט רעכט דערצו. עס האָט די העזה צו באַגיין פעלערן און צו זינקען... ווייל פון דאָזיקן זינקען לערנט עס וואָס...

יוליע:

און מיט דעם ווילט איר זיך באַרויקן? דעם פאָלק איז אַלץ דערלויבט? עס איז אומבאַפלעקט?

אלעקסאנדער:

אַך, ווי פרעמד איר זענט נאָך אַלע דעם פאָלק! אָבער זאָג, צי האָסטו שוין אַמאָל געזען, ווי אַרבעטער גרייטן זיך גיין צום טויט? איך האָב עס געזען! אין איינעם פון די גרויסע זאַלן אין סמאָלני בין איך אַריינגעפאַלן צווישן אַן אויפגערעגטן מענטשן־געדרודער. איך האָב געזען, ווי אין איין ווינקל האָבן די יונגע גערייניקט זייערע ביקסן און ר'חוָלווערן, ווי אין אַ צווייטן ווינקל זענען געזעסן ביי קאָכענדיקע זופּ־קעסלען די עלטערע אַרבעטער מיט זייערע פרויען און קינדער. גרופּעס יוגנט, בחורים און מיידלעך, האָבן אַרומגעבלאָנקעט דורכן געוואָלטיקן זאַל, אין וועלכן ס'האָבן נאָך די צאַריסטישע לויסטרעס, און אַביסל אין אַ זייט זענען געזעסן יונגע פּאָרלעך, וואָס האָבן צווישן זיך געשעפּטשעט. דאָס לאַכן, דער רויש פון כלי־זין, שטיפע שלוכצן האָבן זיך צענויפגעגאָסן אין אַזאַ גרויס בילד, אַז כ'וואָלט מקנא געווען דעם קינסטלער, וועלכער וואָלט עס אַלץ אויפגענומען שאַרפער ווי איך... איך האָב אימיצן געפרעגט מיט דערשטוינונג: וואָס קומט דאָ פאָר? האָט מען מיר געענטפערט: אַן אָפּטיילונג פון דער רויטער גוואַרדיע מאַכט זיך דאָ גרייט צום מאַרש. ווייסטו, וווהין די דאָזיקע רויטע גוואַרדיע איז געגאַנגען? זי האָט זיך געגרייט אין וועג אַריין, כדי צו שטאַרבן פאַר דער סאָוועט־רעפּובליק. דאָ האָבן זיי אָבער איבערגעלאָזן

זייער יוגנט, גליק, פאמיליע, מיט איין וואָרט אַלץ!
שטילשווייגן. וויפל פון זיי זענען שוין געפאַלן ביים דאָן, אויפן אור־
ראַל, אין דער אוקראַינאַ... זיי קענען נישט נאָר טויטן...
זיי קענען אויך שטאַרבן.

**יוליע:**

אויב אַזוי, וואָלט איר דאָך געקענט אויסאיבן אַ השפּעה
אויפן פאָלק. איר וואָלט דאָך געקענט אויפוועקן אין אים גרויסאַר־
טיקייט און רחמנות־געפילן. אַנשטאָט דעם צעבלאָזט איר
אין אים...

**אַלעקסאַנדר:**

דאָס איז נישט אמת!

**יוליע:**

אין אייראָפּע...

**אַלעקסאַנדר**

מיט צאָרן:

אייראָפּע איז גייסטלאָז... זי פילט נישט די גרויסקייט פון
אונזערע אידעען. זי ווערט דערטרונקען אין בלוטיקן שטראָם.
מיר זענען ווי די שלום־טויב, וועלכע איז אַרויסגעשיקט
געוואָרן אויף דער ערד אין דאָזיקן חושך...

**יוליע**

מיט שפּאָט:

שיינע טויבן זענט איר מיר...

**אַלעקסאַנדר:**

מיר טוען איצט אָפּ די שוואַרצע אַרבעט... אייראָפּע זעט
אָבער דערביי נישט מער ווי דעם כאַאָס און אונזערע
פאַרקאַשערטע אַרבל...

**יוליע:**

און איך זאָג דיר: די דאָזיקע שוואַרצע אַרבעט ציט זיך
שוין צו לאַנג!

**אַלעקסאַנדר:**

און איך זאָג דיר: נישט אין משיחס־צייטן – נאָר טאַקע
שוין באַלד וועלן די פעלקער שטרעמען צו אונזער רע־



וואָלוציע און זיך בוקן צו איר ווי צו אַ מאַרטירערין,
אַ בשורה־ברענגערין...

**יוליע**

אויפגערעגט:

און איך בין איבערציייגט, אַז שוין גאָר אינגיכן וועט
אומעטום אויסברעכן קעגן אייך אַ קאַמף... אַז מ׳וועט
אייך האַלטן פאַר פיינט...

**אַלעקסאַנדר:**

אויך דאָס זאָגסטו שוין?... דו אַליין וועסט שוין אפשר
אויך באַלד הויבן די האַנט קעגן אונז?

**יוליע:**

יאָ! אויך די האַנט, ווען ס׳וועט נויטיק זיין...

**אַלעקסאַנדר**

כאַ־צערט פון ווייטאָק:

כ׳וועל דיך לאָזן אַרעסטירן!...

מאַריאַ לויפט אַריין אין צימער.

**יוליע**

שטיל, קוקט אָן אַלעקסאַנדרן מיט בליצנדיקע אויגן:

איך האָב קיין מורא נישט.

פאָרהאַנג פאַלט.

---

## פונפטע סצענע

אָוונטצייט. אַלעקסאַנדערס אַרבעטס־צימער. אַלעקסאַנדר זיצט ביים
שרייב־טיש. מאַריאַ קומט אַריין מיט שנעלע טריט און ווענדט
זיך צו אים אויפגערעגט.

**מאַריאַ:**

פאַרוואָס זיצן ווידער די מאַטראָסן ביי דיר אין פאָדער־
צימער? אויף וואָס וואַרטן זיי?

**אַלעקסאַנדר**

אויסמײַדנדיק:

איך מוז זיי געבן מײַנע אָרדערס.

**מאַריאַ:**

אָרדערס — קעגן וועמען?

שטילשווײַגן.

**מאַריאַ:**

דו שווײַגסט? איז דאָס אמת, הייסט עס?

**אַלעקסאַנדר**

שטייט אויף:

וואָס איז אמת?

**מאַריאַ:**

אַז דו ווילסט זיך נוקם זײַן אין דײַנע חברים. איך פֿאַר־שטיי שוין אַלץ! דו האָסט אויסגענוצט מײַן מיטטײלונג... דו האָסט זיי איבערגעגעבן אין אכזריותדיקע הענט!... אַכמאַטאָוו, שעלינצעוו און די איבעריקע זענען אַרעסטירט... וויקטאָר איז אַנטלאָפֿן... וואָס וועסטו טאָן מיט זיי?

**אַלעקסאַנדר**

קנײטש דעם שטערן:

מאַרוסיאַ, דו ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז בײַ אונדז הערשן פֿאַר אַלעמען די זעלבע כּללים...

**מאַריאַ:**

ווענדט זיך צו אים לײדנשאַפֿטלעך, כאַפּט אים אָן בײַם אָרעם:

באַרעכן נאָר וואָס דו טוסט, מטורף! צי דען האָסטו פֿאַרגעסן, אַז איר האָט געמײנזאַם געקעמפֿט פֿאַר אײן־און־דערזעלבער זאַך... אַז איר זענט געווען פֿרײַנט... אַז זיי האָבן אונדזער קינד געהיטן אויף זייערע הענט...

**אַלעקסאַנדר**

נעמט אַראָפּ מיט אַ ווייכער באַוועגונג אירע הענט:

מאַרוסיאַ. איך ווייס אַלץ... איך בין אָבער נישט קיין בעל־הבית איבער מײַנע געפֿילן... שטיל איך מוז...



**מאַריאַ**

כאַפּט זיך אָן בײַם קאָפּ, גייט אַרום איבערן ציטער אויפגערעגט:

גרויסער גאָט... אַזוי וועט עס תּמיד זײַן... תּמיד דער אייביקער „מוז, מוז" און קײן אײן טראָפּן פֿון לעבעדיקן געפֿיל!

**אַלעקסאַנדר**

בלײַבט שטיל.

**מאַריאַ**

ווערט אָפּ:

לאָז מיך אָפּ. לאָז... און חוץ דעם תּמיד דאָס וואָרט „מיר"... פֿאַר זיך אַלײן האָסטו אויפֿגעהערט צו ריידן... צו טראַכטן... דו פֿאַררופֿסט זיך תּמיד אויף אימיצן — אויף אַ דריטן... פֿאַרוואָס זענט איר אָבער שטענדיק אַזוי אכזריותדיק צו מענטשן — פֿאַרוואָס ווערסטו מיר אַלץ פֿרעמדער און פֿרעמדער? גייט צו נאָענט צו אים, מיט אַ תּחנונים־קול: סאַשאַ, טײַערער! דו ביסט דאָך אַנדערש ווי די אַנדערע — זאָג מיר, וואָס וועסטו טאָן מיט זיי?

**אַלעקסאַנדר**

רײַסט זיך אָפּ פֿון איר מיט גרויס מי:

איך וועל דיר דאָס נישט זאָגן, איך האָב קײן רעכט נישט דערצו — אונדזער טריבונאַל איז גערעכט. לײדנשאַפֿטלעך און פֿאַרוואָס רעגט איר זיך אַלע אַזוי אויף צוליב זיי? צי דען לײַדן נישט די מענער פֿון אַלטן רעזשים אַזוי גוט ווי זיי?

**מאַריאַ:**

אָבער די זענען דאָך סאָציאַליסטן!

**אַלעקסאַנדר:**

טאָ וואָס איז דערפֿון געדרונגען? האָבן דען נישט די אַנדערע, אַזוי גוט ווי די דאָזיקע, מוטערס, שוועסטערס און טרערן? איז דען זייער בלוט נישט רויט און וואַרעם אַזוי גוט ווי דאָס בלוט פֿון די אַנדערע? און באַרעכן נאָר, וואָס די דאָזיקע האָבן בדעה געהאַט צו טאָן!

**מאריא**

דערדריקט, דעם קאפ אין די הענט, אויפן דיוואן.

**אלעקסאנדר**

גייט ארום אויפגערעגט איבערן צימער, גייט צו צו איר, מיט א געקוועלטן קול:

פארוואס ווילסטו נישט פארשטיין, אז מיר אלע מוזן דורכמאכן די דאזיקע חבלי־לידה? דו האסט דאך אליין אויך געבוירן! מאריא האט טרערן אין די אויגן. זאלן מיר נישט דורכמאכן צוזאמען מיטן פאלק די דאזיקע שווערע צייט?

**מאריא**

שטייט אויף אנטשלאסן און נעמט אים ארום:

סאשא, לאז זיי ארויס אויף דער פריי!

**אלעקסאנדר**

דערשראקן:

וואס פאלט דיר איין? צוליב דער אלטער פריינטשאפט?

**מאריא**

מיט אויסגערעכנדיקן צארן:

אך, אזוי גאר! דו ווילסט האנדלען לויטן גע זע ץ! דו ווילסט זיין ערלעך! פארוואס־זשע האסטו פארגעסן דיין אייגן געזעץ? דיין אייגענע פראגראם! זי ציט ארויס א בויגן פאפיר פון איר בוזים און מאכט מיט אים אין דער לופטן. דא האסטו מיט דיין אייגענער האנט אויפגעשריבן, ווי אזוי דו וועסט די סאוועטן פאראיידעלן, פארמענטשלעכן — ווי דו האסט געוואלט זיין גרויסמוטיק — האסטו עפעס געטאן דערצו?

**אלעקסאנדר**

דערשיטערט:

איך האב אלץ געטאן, וואס ס'איז נאך מעגלעך געווען. מיר האבן אויפגעפאדערט די פראווינץ־סאוועטן, נישט פארצונעמען קיין איבעריקע פארפאלגונגען...



**מאריא**

מיט א ביטערן געלעכטער:

א פאר געבעכדיקע שוועבעלעך האט איר א שליידער געטאן אין דעם דאזיקן שדישן חשך — און איר באגנוגט זיך דערמיט? און איצט קען מען שוין רויק פארניכטן די אייגענע פריינט? קלאפט מיט די פינגער אין טיש. ווו איז דיין פראגראם, אלעקסאנדר איוואנאוויטש?

**אלעקסאנדר**

ביים טיש, מיט א פיין־פארצערטן פנים.

**מאריא**

גייט צערטלעך צו צו אים, לאזט זינקען איר שטים ביז פליסטערן:

סאשא, מיין איינציקער — זיי גובר זיך גופא — גאר דאס דאזיקע איינציקע מאל — לאז זיי אלע ארויס אויף דער פריי! טו עס מיר צוליב — דער רעוואלוציע צוליב!

**אלעקסאנדר**

רייסט זיך ווייטאקדיק ארויס פון איר:

טויט מיך נישט, איך קען דיר גארנישט צוזאגן! רייבט מיט דער האנט דעם שטערן, ווי אומגעגנ שלאסן.

**מאריא**

באטראכטעט אים שארף:

דו האסט מורא פאר זיך גופא... דו ווייסט שוין אליין, אז דו ביזט אומגערעכט!

**אלעקסאנדר**

אויסער זיך פון צער, גייט צו צו איר, שרייט:

הער אויף! הער אויף!

**מאריא**

זי געסראפן פון א קלאפ, וויכט זי צוריק אין א ווינקל פון צימער:

דו — — שרייסט אויף מיר!

**אלעקסאנדר**

גייט שנעל צו דער טיר:

קום ארײַן, חבר!

מאַטראָס

קומט אַרײַן.

אַלעקסאַנדר

מיט אַ שאַרף־שנײַדיקער שטים:

טעלעגראַפירט תּיכּף, מ׳זאָל אכמאטאָוון, שאַלינצעוון, באַראַנאָוון — און אַלע אַנדערע — שטעלן פֿאַרן געריכט — — —
קיין איינעם נישט אַרויסלאָזן קעגן קויציע — וויקטאָרן זאָל מען אויפֿזוכן — די רעזולטאַטן מיר תּיכּף צו וויסן טאָן!

מאַטראָס:

און ווײַטער גאָרנישט?

אַלעקסאַנדר

שאַרף:

ווײַטער גאָרנישט!

מאַטראָס אָפּ. אַלעקסאַנדר אַ מידער אויפֿן דיוואַן. פֿאַריגע אין דער פֿריערדיקער פּאָזע אין ווינקל.

פֿאָרהאַנג פֿאַלט.

---

## זעקסטע סצענע

אַלעקסאַנדער און רעוש פֿירן אַן אינטימען שמועס אין אַלעקסאַנדערס אויפֿנאַם־צימער. אָוונט־צײַט.

רעוש:

...איך פֿאַרשטיי דאָס גאַנץ גוט, ווען איר ברענגט אַזעלכע בײַשפּילן... דאָס דערהויבט די נשמה — געוויס — ווען מען הערט, אַז אין ערגעץ אַ פּאַרוואָרפֿענער פּראָווינץ־לאָך ראַטעווען אַרבעטער אַ גנב מיט סכּנות־נפֿשות...

אַלעקסאַנדר:

און בײַ וועלכע באַדינגונגען!... ער איז שוין פֿאַרמשפּט געווען דורכן המון צום טויט, האָבן זיי, די פּראָווינץ־אַרבעטער, אָרגאַניזירט צוליב אים אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע, זיך אַרײַנגעריסן אין תּפֿיסה און אויסגעפֿועלט אַ נייעם משפּט איבער אים. די מאַסע — ערגריפֿן פֿון דער גרויסקייט פֿון מאָמענט, האָט געשוויגן און איז געווען



צופֿרידן, ווען דער טויט־אורטייל איז פֿאַרביטן געוואָרן אויף תּפֿיסה. די דאָזיקע טאַט איז געווען גרויסאַרטיק! כ׳האָב זיי אויסגעדריקט מײַן אָנערקענונג...

רעוש:

איך פֿריי מיך אויך... אָבער, אַלעקסאַנדר, צי האָט איר נישט באַמערקט, אַז אַזאַ פֿרייד איז זייער אַ זעלטענער יום־טובֿ, אַן אויסנאַם־פֿאַל?...

בײַדע פֿאַרזינקען אין מחשבֿות.

אַלעקסאַנדר

רײַסט איבער מיט מי דאָס שווײַגן:

יאָ, אויך איך פֿיל אָפֿט דעם דאָזיקן קעגנזאַץ — ער וואַרפֿט זיך אַלעמען אין די אויגן — גאָר אָפֿט קומט מיר אַפֿילו אויפֿן געדאַנק, אַז די רעוואָלוציע קען גאָר אַנדערש נישט זײַן! אין איר איז פֿאַרקערפּערט עפּעס אַן איבערפּערזענלעכע עטיק, וועלכע לאָזט זיך דערקענען ערשט נאָך לאַנגע יאָרהונדערטער — אין אַ סך דורות אַרום! אירע אויספֿירער קענען נישט האָבן קיין פּערזענלעכע עטיק... אָפֿט קומט עס מיר אַזוי פֿאָר, און דאַן ווידער שײַנט מיר דער דאָזיקער געדאַנק ווי אַ חילול־השם!... אָך, שוין צו פֿיל בלומען האָבן מיר צעטראָטן אויף אונזער וועג!

רעוש:

און וואָס ווײַטער?

אַלעקסאַנדר

מיט מי:

און פֿונדעסטוועגן — אײַגנטלעך שפּיר איך, אַז אַנדערש קען מען נישט — באַשײַנפּערלעך קען מען נישט אַנדערש.

רעוש:

פֿאַרוואָס עפּעס באַשײַנפּערלעך? צי דען וואָלט מען נישט געקענט גיין מיט אונזער וועג?

אַלעקסאַנדר:

ניין, ניין, ניין! די וועלט־געשיכטע האָט אונז אַרײַנגע־

ליגט אין האַנט אַ מתנה — די מאַכט פון דעם פאָלק !..
צי דען טאָרן מיר זיך באַגיין מיט איר לויט אונזערע
קאַפּריזן ? דער נאָנטסטער דור וועט אונז פאַרשעלטן,
ווען מיר וועלן זי אַרויסלאָזן פון אונזער האַנט !

**רעוש:**

אונטער אַזאַ משא פאַלן מענטשן פון די פיס... איז דען
דער מענטש נישט ווערטפולער פאַר אַזאַ לעבנסוועג ?

**אַלעקסאַנדר:**

נישטאָ קיין אַנדער וועג ווי דער וועג פון רעוואָלוציע.
ווי גערן וואָלטן מיר געוואָלט זען זי אַזאַ אומבאַפלעקטע,
אַז קיינער זאָל נישט וואַגן צו באַוואַרפן זי מיט שמוץ !
באַגייסטערט. ווי אָפט טראַכט איך דערפון, סאַראַ חסד דאָס
וואָלט געווען, ווען אין דער דאָזיקער רעוואָלוציע זאָל
אויפשווימען אַ מענטש פול מיט נישט־אויסשעפּלעכער גוטס־
קייט — מעג ער ברענגען מיט זיך מאָראַל — רעליגיע — אָדער
פּאָעזיע, אַלץ איינס !.. און זיין גייסט זאָל אַריינדרינגען
אין אַלע קעמערלעך פון דער רעוואָלוציע און זיי באַ־
לויכטן פון אינעווייניק, אַזוי אַז אַפילו די געוואַלט זאָל
דערשיינען אין זייער הייליקן ליכט !

**רעוש:**

און פונדעסטוועגן — אַקצעפּטירט איר זי אַזאַ, ווי זי איז ?

**אַלעקסאַנדר:**

יאָ — אַזוי, ווי זי איז.. פריער, פאַר דער רעוואָלוציע
האָבן מיר געבראַכט פיזישע קרבנות — און אונזער האַרץ
פלעגט שלאָגן רויק... אָבער איצט — איצט זאָגן מיר זיך
אָפּט: זאָל באַדיי אונזער האַרץ ברעכן זיך — די ר ע־
וואָ ל ו צ י ע מוז געראַטעוועט ווערן !

**רעוש:**

פאַרעכנט נאָר, ווען עס צעבּרעכט איינעם — אַ צווייטן —
אַ דריטן — אַלעמען — וואָס בלייבט שוין דעמאָלט פאַר
דער רעוואָלוציע — ווען זי ווערט אַפילו געראַטעוועט ?



**אַלעקסאַנדר:**

וואָס בלייבט ? עס בלייבט דאָס גרויסע, נאָמענלאָזע, דאָס
שווייגזאַמע — דאָס אומציילבאַרע — דאָס אַרבעטס־פאָלק !
עס בלייבט ריין !... דאָ לעצטנס האָב איך פּרובירט דערי־
ווייזן יולי׳ען, אַז נישט מיר אַליין טראָגן פאַר אַלץ די
אחריות — אַז אָפּט באַגייט אויך דאָס פאָלק אכזריותן, —
אָבער אַמאָל הויב איך אָן צו גלייבן, אַז פאַר אַלץ
טראָגן מיר, די פירער, די גאַנצע שולד !... עס שיינט
אַמאָל, אַז מ י ר קענען נישט אויסקומען אָן געוואַלט !

**רעוש**

שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.

**אַלעקסאַנדר:**

יאָ, יאָ. ווער ווייס, אפשר פאַרשטייען מיר נישט ווי צו
פירן די רעוואָלוציע, אפשר האָבן מיר נישט קיין טאַלאַנט
צו איר ! מיר זענען אָנגעשטעקט מיטן גייסט פון
עבר — פאַרוואָס שאָקלט איר מיטן קאָפּ אויף ניין !

**רעוש:**

ניין, נישט פון אייך שטאַמט דאָס אומגליק — עס שטאַמט
דערפון, וואָס די רעוואָלוציע — וואָס י ע ד ע רעוואָלוציע
איז אַ געוואַלטאַט, און וואָס מאַיעסטעטישער זי איז,
אַלץ שוידערלעכער, אַלץ פיינלעכער איז זי !

**אַלעקסאַנדר:**

יאָ, איר האָט רעכט... און אויב אַזוי וועלן מיר זיך נישט
אָפּזאָגן פון דער דאָזיקער געוואַלט ! מיר מוזן אויסהאַלטן !
אַ נישט, ווען די דאָזיקע רעוואָלוציע וועט אונטערגיין,
וועט זי אויף לאַנג באַגראָבן אונטער אירע חורבות די
שטאָלצסטע טרוימען.

**רעוש**

פּיט טרויער :

און מיר קומט פאָר אַמאָל, אַז די רעוואָלוציע שטאַרבט
אָפּ, אַז שוין איצט דיקטירט זי נישט מער קיין געזעצן,
נאָר איר צוואה פאַרן קומענדיקן דור...

אלעקסאנדר:

איך ווייס נישט — און כ'וויל אויך נישט וויסן... אפשר איז איר באשערט איבערצולעבן א מפלה... אפשר וועט זי דאן ווערן נאך ריינער, נאך טיפער... איצט אבער זענען מיר סאלדאטן אין קאמף — מיר טארן נישט טראכטן וועגן מפלות! שטילשווייגן. שטייט אויף באגייסטערט. וואס די צוקונפט זאל מיט זיך נישט ברענגען, איינס ווייס איך: רעוואלוציע איז א גרויסער שטורעם — איר קראפט זאל געבענטשט זיין. נישט דאס פערזענלעכע — נישט דעם קלאסן־אינטערעס אליין — דאס אלגעמיין־מענטשלעכע טראגט זי אין איר אטעם.

רעוש:

ניין! כל זמן זי צעטרעט די געזעצן, די אייביקע געזעצן פון אמת און גערעכטיקייט... זיי זענען אייביקער ווי די געזעצן פון דער רעוואלוציע. שטייט אויף.

אלעקסאנדר

קוקט ארויס פארטראכט דורכן פענסטער.

מאריא

קומט אריין:

איר גייט אוועק, רעוש, איך וועל אייך באגלייטן...

רעוש

דריקט איר ביי דער טיר די האנט:

מאריא — איר זענט לעצטנס אזוי אפט טרויעריק!

מאריא

שווייגט.

רעוש:

גלויבט מיר, ער ליידט אזוי שרעקלעך, אבער פון אזעלכע ליידן ווערט געבוירן א נייער מענטש; — עס איז נישט נאר זיין אייגענע טראגעדיע — ס'איז די טראגעדיע פון דער גאנצער רעוואלוציע — עס איז, בלי־ספק, די טראגעדיע פון יעדער גרויסער אידעע! ווי שיין איז די אי־



דעע אליין און ווי אומדערטרעגלעך עס זענען די פיט־לען פון איר פארווירקלעכונג! גייט אוועק, קערט זיך אום צוריק. און נאך אלעמען איז אלעקסאנדר א גליקלעכער מענטש. פא־רהאנג פאלט

---

## זיבעטע סצענע

אן אייזנבאן־ליניע. נאכטיקער הימל. דא און דארט רויטע און גרינע ליכט־סיגנאלן. מען הערט סירען, רעם רעש און רעם טאפען פון לאקאמאטיוון, טונקעלע קלאנגען פון א פאריבער־לויפנדיקן צוג. ווינט. סילועטן פון פארביילויפנדיקע מענטשן. ווען דער פארהאנג הייבט זיך אויף לויפט מאריא אין אי־ אטעם איבער די שינעס מיט א שנעל־ארויסגעכאפטע קאפ־טוך. זי האלט אין דער האנט א קליינע לאמטערנע און קוקט זיך איין אין דער טונקלקייט מיט פיבערדיקער אויפרעגונג.

מאריא

ראפט שטיל:

חברטע ראיעווסקאיא — האב איך זי שוין פאר־זוימט?... פארוואס האב איך זיך פארשפעטיקט — חברטע ראיעווסקאיא...

ראיעווסקאיא

שטייט ארויס פון ערגיץ־ווו אנגעטאן ווי אן ארבעטערין:

מאריא, וואס טוט איר דא ?,, אין אזא שפעטע שעה, אין אזא אנטאן?

מאריא

כאפט זי ביי דער האנט, פליסטערט ליידנשאפטלעך:

חברטע ראיעווסקאיא, איך בין דא געקומען, כדי אייך צו ווארענען: — אנטלויפט... איר און אייערע פריינט, יענע ווייסן שוין... ווייסן שוין אלץ — און נעמען שוין אן קעגנמיטלען!

ד א י ע ו ו ס ק א י א

ביט אַ פּנים, פאַרצערט פון שמערץ, פליסטערט:

איר, הייסט עס, האָט דערציילט! ווי האָט איר דאס געקענט — איר האט אונז אַרויסגעגעבן!

מ א ר י א:

פרעגט מיר גאָר נישט, — ס'איז קיין צייט נישטאָ — איך האָב עס מרמז געווען אַלעקסאַנדערן — ער האָט נישט געוואָלט גלויבן — האָב איך געזאָגט עפּעס מער — — פרעגט בעסער נישט— — איילט זיך אַוועקצושיקן אייערע מענטשן!

ר א י ע ח ס ק א י א:

איך דאַנק אייך, מאַריאַ... אָבער זיי זענען שוין אַלע נישטאָ... איך בין דאָ געבליבן... ביז צום סאַמע סוף — — איך גיי נישט אַוועק... אָבער איך דאַנק אייך פאַר די אַנדערע.

מ א ר י א

דריקט איר די הענט:

נישט איר — איך דאַרף דאַנקען — פאַר יאַלן!

מען הערט געררויש. באַן־אַרבעטער גייען פאַרביי מט שווערע טריט, די לאָפּאַטעס אויף די פּלייצעס. ביידע פרויען באַהאַלטן זיך אויס.

מ א ר י א:

נאָך דעמאָלט האָב איך ביי זיך אָפּגעמאַכט... איך וועל חייזן סאַראַ מענטשן עס געפינען זיך אין ביידע לאַגערן. איך וועל זייערע, אין קאַמף פאַרקראַמפּטע הענט — — —

ר א י ע ו ו ס ק א י א

פרויערדיק און אנטשלאָסן:

דערצו וועט נישט דערגיין... נאָר געמיינזאַמעס בלוט וועט זיי צוזאַמענפירן.

מ א ר י א:

גענוג צו ריידן! כאַפּט זיך אָן ביי די הענט. איך בעט זיך רחמים ביי אייך, נאַדיאַ, שוינט זיך, דערבאַרימט אייך



איבער זיך אַליין! אַנטלויפט!... עס שלאָגט די שעה...

זעט זיך אַרום אומרויק.

ר א י ע ח ס ק א י א

שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין:

ס'איז אוממעגלעך! מאַריאַ, גייט אַוועק, שנעל... מ'זאָל אייך דאָ נישט זען... גריסט אַלע לעבעדיקע — — און אים! פאַרשווינדט.

פאַרהאַנג פאַלט.

---

## אכטע סצענע

אויפנעם־צימער. ביים טיי־טרינקען. אונט־צייט. ביים שרייב־טיש, מיטן רוקן צום פּובליקום, זיצט אַלעקסאַנדער, הינטער דעם די מוטער, יוליע, מאַריאַ.

א ל ע ק ס א נ ד ר

רייבט זיך די שלייפן:

ווי דער קאָפּ טוט וויי! אַ שאָד. מאַרוסיאַ, וואָס דו ביסט נעכטן נישט געווען אין רעסטאָראַן...

מ א ר י א

שטיל, אַפּאַטיש:

אָך, צו וואָס?...

א ל ע ק ס א נ ד ר:

נו, דאָרט זענען געווען חברים... מ'האָט הערן אַ סך זאַכן געשמועסט... דיר וואָלט עס געווען אינטערעסאַנט.

מ א ר י א

שאָקלט מיטן קאָפּ:

וועגן וואָס זאָלן מיר שמועסן? איצט?... איך ווייס שוין אַלץ!

שטילשווייגן. מען הערט דאָס געוויין פון קינד.

מ ו ט ע ר:

פאַרוואָס איז היינט ווידער אַזאַ אויפרעגונג אויף די גאַסן? — הערט מען עפּעס אָפּ?

**יוליע:**

נו, געוויס — מען זאָגט - פון אויסלאַנד זענען אָנגעקומען גוטע ידיעות... ווי ס׳שיינט וועלן פאָרקומען דעמאָנסטראַציעס — סאַשאַ, ווייסט נישט וועגן דעם?

**אַלעקסאַנדר**

פיר, אין דער זעלבער פּאָזע:

ניין... איך ווייס נאָך גאָרנישט וועגן דעם, אָבער מען וואַרט עפּעס אָפּ, — דאָס איז ריכטיק... פון אַלע זייטן דערוואַרט מען עפּעס...

מען קלאַפּט אין טיר.

**סאָריבאָח**

קומט אַריין. באַגריסט:

שטער איך נישט? גייט אַרום און דערלאַנגט אַלעמען די האַנט.

אַלעקסאַנדר דרייט זיך אום, ווי ער וואָלט ווייטער אַרבעטן.

**סאָריבאָוו**

אויפן קול, חוצפּהדיק:

ס׳אַרא אינטערעסאַנטן שמועס איך האָב נאָר וואָס אונטערגעהערט אין גאַס... אַ בורזשויע האַלט אַן אַרבעטער ביים קאָפּ און שרייט צו אים: „איר אַלע ווילט אַליין אויך ווערן בורזשויען...” דער אַרבעטער האָט אים אויף דעם זייער קאָמיש געענטפערט: „ניין, מיר ווילן אַלעמען מאַכן פאַר מ ע נ ט ש ן!” איר פאַרשטייט — אַזוי האָט ער טאַקע געזאָגט: — „מענטשן”... לאַכט פאַר זיך אַליין.

**יוליע:**

וואָס איז דאָ דאָ צו לאַכן!... ער האָט געזאָגט דעם אמת!

**סאָריבאָוו:**

אָך, ענטשולדיקט, איר זייט דאָך אַ מיטלײַדיקע נשמה. שטילשווייגן. פאַרוואָס זענט איר אַלע אַזוי שלעכט געשטימט?... מען טרעפט איצט אַזוי פיל באַקאַנטע... נעכטן האָב איך געהערט וועגן ראַיעוווסקאַיאַן. אַלעקסאַנדער גיט אַ ציטער. מען האָט מיר געזאָגט, אַז זי איז אַרעסטירט, מען



זאָגט, אַז אויך אַכמאַטאָוו — געדענקט איר איר נאָך? — איז שווער קראַנק — אין תּפיסה.

**מוטער**

ביים אַ שווער געפיל:

אָך, לאָמיר בעסער נישט ריידן וועגן טרויעריקע זאַכן... ווייסט איר, אפשר, וועלכע ידיעות מ׳וואַרט היינט אָפּ?...

שמועסן צווישן זיך אין דער שטיל.

**אַלעקסאַנדר**

אַרבעט ביי זיין שרייב־טיש.

**אַ דאַמע**

קומט אַריין אומבאַמערקט, לויפט צו אויפגערעגט צו מאַריאַן און נעמט זי אַוועק צום עק דיוואַן. דערציילט איר עפּעס אין פליסטער־טאָן. מאַריאַ כאַפּט זי ביי די הענט. דאָס פליסטערן ווערט אַלץ העכער.

**אַלעקסאַנדר**

רייסט זיך אָפּ פון דער אַרבעט און הערט זיך אויפמערקזאַם צו.

**די דאַמע**

פיבערנדיק:

...ווען כ׳בין געלאָפן צו אייער מאַן, האָט מען מיך נישט צוגעלאָזן... צוויי טעג נאָכאַנאַנד בין איך דאָרט געקומען אומזיסט־אומנישט... סוף־כל־סוף האָט ער מיך אויפגענומען — — אָבער אָפּגעזאָגט מיין בקשה... ער קען נישט און וויל זיך נישט אַריינמישן... דאַן בין איך געלאָפן אין תּפיסה. —

**אַלעקסאַנדר**

הויבט זיך אויף אומבאַמערקט פון זיין פּלאַץ, גייט צו לאַנגזאַם צום גרויסן פּיסלטיש, זיין פּנים איז געשפּאַנט.

**די דאַמע:**

דער שומר האָט מיך נישט אַריינגעלאָזן אָן אַ דערלויבניש — — אָבער ווי אַזוי האָב איך געזאָלט באַקומען אַ דערלויבניש אינמיטן דער נאַכט?... מ׳האָט געשמועסט, אַז זיי וועלן אַלע אין דער דאָזיקער נאַכט אַוועקגעפירט ווערן. . . זי רעדט מיט גרויס מי. וווּהין קען מען זיי אַוועקפירן? כ׳האָב אים געגומען בעטן רחמים — כ׳האָב גע־

דרויט – געוויינט – ער זאָל מיך נאָר אריינלאָזן צום תּפיסה-דירעקטאָר אַליין. אַלעקסאַנדר בויגט זיך אַריבער אין איר זייט אַלץ מער און מער, מיט אַ פֿיינפֿול פּנים. סוף־כּל־סוף האָט מען מיך דורכגעלאָזן – מיט גרויס מי האָב איך זיך אריינבאַקומען אין ביוראָ – כ'האָב תּיכּף געטראָפֿן דעם דירעקטאָר: „וווּ איז מיין טאָכטער?"

### אַלעקסאַנדר

שרייט אויף:

אוּן וואָס האָט ער אייך געענטפֿערט?

### אַלע

ווענדן זיך צו אים מיט שרעק

### די דאַמע

יס אַ פֿאַרשטיקט קול:

ער האָט געענטפֿערט, אַז מ'האָט זי שוין אַוועקגעפֿירט... צוזאַמען מיט די אַנדערע...

### אַלעקסאַנדר

נקט אַראָפּ אין שטול, פֿאַרגראָבט דעם קאָפּ אין די הענט.

### מאַריאַ

שטייט שנעל אויף, בלייבט שטיין שטאַר, אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט.

פּויזע

### רעוש

קומט שטיל אַריין אין צימער, בלייבט שטיין ביי דער טיר.

### אַלעקסאַנדר

כאַפּט זיך אויף, די הענט אויסגעשטרעקט אין דער הויך, פֿול מיט טרויער און צאָרן:

אַזוי קען ווייטער נישט גיין... ס'קען נישט... אַנדערע, אַנדערע וועגן זענען נויטיק... אַנישט ווערט די רעוואָלוציע דערשטיקט...

### רעוש

דערנענטערט זיך צו אַלעקסאַנדערן.



### אַלעקסאַנדר

מיט הילדן צאָרן אין די אויגן, גלייכצייטיק זיך אָפּקערנדיק פֿון אים מיט דער האַנט:

דער נצחון איז נישט אייערער... מיר... מיר אַליין וועלן אַ דריי טאָן דעם רודער... די רעוואָלוציע וועט דורכלייגן פֿאַר זיך אַ נייעם וועג...

אַ ליאַרעם אויף דער גאַס און אין פֿאָדערצימער.

### מאַטראָסן און אַנדערע

רייסן זיך אַריין מיט לויכטנדיקע פּנימער. זיי רופֿן לויטער און פֿריידיק:

אַלעקסאַנדר איוואַנאָוויטש! ראַסטאָו איז געפֿאַלן! אין דייטשלאַנד הויבן זיך אָן שטרייקן! לעבן זאָל די רעוואָלוציע!

אויפֿן גאַס הערט מען דעם אינטערנאַציאָנאַל.

### מאַריאַ

שטייט וויינענדיק ביי דער וואַנט.

פֿאָרהאַנג פֿאַלט

סוף

